יעקב מאירזאהן.

# אונזער געשיכטע

אין ערצעהלונגען און לעבענס-בעשרייבונגען

פאַר שולען און אָוועגד-קורסען.

ערשטער טייל.

פון אברהם אָבינו ביז שלמה המלך.

קיעוו, תרע"ב.

דרוקעריי פון יוסף שענפעלד.

# צו די לעהרער.

צי דארף מען לערנען מיט קינדער געשיכטע בכלל און די אייגענע געשיכטע בפרט?

פיעל רעכענען שוין לאנג געווים גאר פאר איבעריג צו שטעלען די פראגע, דאך ווערט זי גראדע די לעצטע צייט גאנץ אפט בעריהרט און זעהר ערנסט בעהאנדעלט אין אונזערע פעדאגאגישע קרייזען. עס איז דעריבער ניט איבעריג ביי דער געלעגענהייט נאך אמאל דער־מאנען און איבער׳חזר׳ן דאס, וואס איז שוין לאנג אנגענומען אין דער פע־דאגאגיק און אזוי פיעל מאל ארויסגעזאגט געווארען דורך פיעל פון די בעסטע און אנגעזעהענסטע אייראפעאישע פעדאגאגען.

אנגענומען איז: אז אויסער דעם, וואס דאס ערלערנען געשיכטע העלפט מיט דער אלגעמיינער ענטוויקלונג, איז איהר ערציהונגס־ווערטה אונגעהייער גרויס; אז געשיכטע „איז איינער פון די גרעסטע פאקטארען אין דעם בילדונגס־ערציהערישען פראצעס". די נייסטע פעדאגאגיק שטעלט זיך דעם ציעל צו ענטוויקלען איינגאנצען דאס שעהנע און גוטע, וואס יע־דעס קינד בריינגט־מיט מיט זיך; ארויסרופען צו׳ם לעבען דאס קוים־מערק־זאמע אבער דאך העלדישע, וואס איז טיעף פערבארגען אין דעם קינדס נשמה; ענטוויקלען אין איהם א פעסטען ווילען און כאראקטער; צוגריי־טען צו׳ם לעבען ענערגישע, שטארקע מענשען.

דערגרייכען וויל זי עס דורך דעם ערלערנען געשיכטע, ווייל איבער־לעבענדיג מיט׳ן היסטארישען העלד אלע זיינע מעשים און געפיהלען—וואק־סען זיי און ווארצלען זיך איין אין דעם קינדס נשמה אויך.

דאס ערלערנען די אייגענע געשיכטע האט נאך אויך דעם פערדיענסט, וואס זי פערשטארקט און מאכט בעוואוסטזיניג דעם נאטירליכען געפיהל פון ליעבע און צוגעבונדענקייט צו׳ם אייגענעם פאלק און זיין גורל.

עס איז געווים איבעריג צו דערווייזען, אז יודישע געשיכטע קען דא דיענען ניט וויניגער, אויב ניט פיעל מעהר, פאר אנ׳אויסגעצייכענטען און זעהר געוואונשטען מאטעריאל.

ווי אזוי־זשע דארף געלערנט ווערען געשיכטע?

אזוי ווי אלע למודים קען געשיכטע נאר דאן צוציהען צו זיך די קינדער, ווען זי ווערט אונטערריכט אין אזא פארם, וואס קען וועקען זייער געדאנק און אינטערעס. און דעריבער מוז דא אויך אבגעווארפען ווערען דאס קליינע, דאס מינדערווערטהיגע און דערצעהלט דארף ווערען, מעגליכסט

קורצער און פּולט׳ער, נאָר וועגען די וויכטיגסטע געשעהענישען און אָנגעזעהענסטע פּערזאָנען, אַזוי אַז די פערגאַנגענהייט זאָל זיך גאַנץ, קלאָר און לעבעדיג אויסמאַלען אין דער פאָרשטעלונג פון די קינדער.

דאָס קינד האָט ליעב דאָס איבערנאַטירליכע, דאָס וואונדערליכע, אויסערגעוועהנליכע און דעריבער מאַכען אויף איהם אַזאַ שטאַרקען איינ־דרוק די לעבענס־בעשרייבונגען פון די גרעסטע מענשען אין די שעהנסטע עפּאָכען. און דאָס דאַרף זיי געבען דאָס לעהר־בוך פון געשיכטע.

דאָס קינד האָט ליעב, אַז צו׳ם ערנסטען זאָל שטענדיג צוגעמישט ווערען אויך אַביסעל וויניגער ערנסטעס, צערשטרייענדעס, און דאָ דאַרף דער לעהרער אויסנוצען דעם גרויסען און שעהנעם אוצר, פון די זייטיגע קליינע מעשה׳לעך, אַנעקדאָטען און לעגענדען, מיט וועלכע עס איז אַזוי רייך אונ־זער געשיכטע. (נאָך אין די ערשטע געשפּרעכען, ווען עס קומט אויס דעם לעהרער ריידען וועגען דעם, פון וואַנען אונז איז בעוואוסט אונזער פער־גאַנגענהייט, מוז געגעבען ווערען די קינדער אויך אַ בעגריף וועגען לעגענדע).

דאָס בוך דאַרף דיענען דעם קינד ניט אויף „אויסלערנען״ פון איהם די געשיכטע, נור אויף אַ אַנגענעהמען לעזען, דורך וועלכען עס ווערט אויפגעלעבט אין זיין געדאַנק אַלעס, וואָס דער לעהרער האָט דערצעהלט.

וועלענדיג דערנעהענטערען אונזער בוך צו דעם געוואונשטען טיפּ, האָבען מיר זיך בעמיהט איבערגעבען די יודישע געשיכטע אין גאַנצע פערענדיגטע ערצעהלונגען און לעבענס־בעשרייבונגען. מיר האָבען אויך אָפט געבראַכט, אין אַ מעגליכסט צוציהענדער פאָרם, אויסצוגען פון די מקורים און, ביי געוויסע היסטאָרישע געשעהנישען, אויך גאַנצע שטיקער פון שירים, וואָס זיינען געשריבען אויף די טעמעס פון בעוואוסטע יודי־שע פּאָעטען (יהואש, פרוג און אַנד.).

אַלזאָ, וואָס איז אונזער ציעל?

וועקען אין די יונגע הערצער ליעבע צו דער פערגאַנגענהייט פון זייער אייגען פאָלק, צוגעבונדענקייט צו זיין היינט און הייסען אינ־טערעס צו זיין צוקונפט.

ווי אַזוי ווילען מיר עס דערגרייכען?

דערצעהלענדיג גרינג, שעהן און צוציהענד אונזער אייגענע געשיכטע.

רענאַן האָט אַמאָל געזאָגט, אַז „די יודישע געשיכטע איז איינע פון די שעהנסטע״. לאָמיר־זשע זיך סטאַרען שעהן איבערגעבען זי אויך אונזער וואַקסענדער יוגענד, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן, וועט דער למוד ווערען דער אַנגענעהמסטער און זעהר נוצליכער, ווי ער דאַרף און קען זיין!

סיון, תרע״א.

א.

# די אבות*).

די פארצייטיגע מענשען און זייער גלויבען.—די סעמיטען און אברהם אבינו. —די לעגענדען וועגען אברהמ׳ן. —אברהם מיט זיין משפחה אין כנען. —אברהמ׳ס רחמנות און ארענט־ליבקייט. —אברהמ׳ס קינדער. —„עקדת יצחק״ און שרה׳ס טויט. —יצחק און רבקה. —יעקב און עשו. —יעקב אין חרן און אין כנען. —„מכירת יוסף״ און יוסף אין מצרים. —יעקב מיט זיין משפחה אין מצרים.

### א. די סעמיטען און אברהם אבינו.

מיט עטליכע טויזענד יאהר צוריק איז די וועלט נאך נישט געווען אזא, ווי מיר זעהען זי איצט. מענשען זיינען נאך געווען גאר ווייניג אויף דער ערד און פיעל ערטער, וואו ס׳שטעהען איצט גרויסע שעהנע שטעדט, זיינען נאך דאמאלסט געווען וויסט און פערלאזען און נאר ווילדע חיות זיינען דארט ארומגעלאפען.

אבער די מענשען זיינען נאך אויך געווען ווילד און פערנארישט און האבען אויך געלעבט ניט פיעל בעסער פון די חיות. זיי האבען געגלויבט און געדיענט צו פיעל געטער; ניט נאר צו דער זון, לבנה, פייער, וואסער, אדער שטארקע חיות, פאר וועלכע זיי האבען מורא געהאט, האבען זיי זיך געבוקט, נאר פון פשוט׳ע האלץ און שטיין פלעגען זיי זיך אויס־האקען זייערע אבגעטער און צו דעם האבען זיי זיך געבוקט און קרבנות געבראכט, אפט־מאל אפילו לעבעדיגע מענשען און אייגענע קינדער.

אין די לענדער, וואס ביי׳ם מיטלענדישען ים, זיינען אין יענער צייט געזעסען און ארומגעוואנדערט גרויסע און קליינע סעמיטישע שבטים און

*) רעכענענדיג, אז אין די געשפרעכען, פאר׳ן צוטרעטען צו׳ם בוך, איז שוין גענוג גערעדט געווארען וועגען די אבות, האבען מיר אין דעם קאפיטעל נאר אין קורצען איבערגעגעבען די ביבלישע ערצעהלונג וועגען זייער לעבען.

משפחות, וואָס האָבּען שוין דעמאָלט זיך אויסגעצייכענט מיט בּעסערע מדות און איידעלערען לעבּען. אין איינער פון די משפחות בּיי איין מענשען תרח, וואָס איז געזעסען אין אור־כשדים, איז געבּוירען געוואָרען אַ זוהן, וועלכען ער האָט אַ נאָמען געגעבּען אַברהם. ער איז דער ערשטער פון די יודישע אָבות (פּאַטריאַרכען). און דער אַברהם האָט נאָך אין דער יוגענד אָנגעהויבּען גלויבּען אין דעם איינציגען גאָט. זיין לעבּען איז בּעפּוצט מיט זעהר שעהנע אַגדות, וואָס דערצעהלען וועגען דעם, ווי אַזוי ער האָט זיך דערטראַכט צו׳ם גלויבּען אין איינציגען גאָט, ווי אַזוי ער האָט דעם גלויבּען פערשפּרייט צווישען די מענשען און וואָס פאַר אַ צרות ער האָט איבּער דעם געליטען.

## ב. די לעגענדען וועגען אברהמ׳ן.

אַזוי דערצעהלט וועגען דעם די אַגדה, אַז ווען אַברהם איז נאָך געוועזען אַ קינד, האָט ער זיך שוין אָנגעהויבּען פערטראַכטען וועגען גאָט. ער האָט דערזעהן די שעהנע פינקלענדיגע שטערען אין הימעל און האָט בּיי זיך אַ טראַכט געטון: „קען דען זיין עפּיס שעהנערס פון דעם? דאָס איז געוויס גאָט אַליין! צו דעם וועל איך דיענען און זיך בּוקען“. די שטערנדלעך האָבּען זיך אָבּער גיך אויסגעלאָשען און אָנשטאָט זיי איז אויפ׳ן הימעל אויפגעגאַנגען אַ גרויסע, ליכטיגע און בּרענענדיגע זון. אַברהם איז נאָך מעהר נתפּעל געוואָרען און האָט אַ טראַכט געטון: „דאָס איז גאָט“. די זון איז אָבּער אויך פערגאַנגען און עס האָט זיך בּעוויזען אַ שטילע, העלע און בּלייכע לבנה. האָט ער שוין אָנגעהויבּען טראַכטען: „אפשר איז גאָר דאָס גאָט?“ דאַמאָלסט האָט זיך צו איהם בּעוויזען אַ מלאך און האָט איהם דערצעהלט וועגען אמת׳ן גאָט, וואָס האָט בּעשאַפען הימעל און ערד און אַלץ, וואָס אויף זיי און אין זיי.

ווייטער דערצעהלט די אַגדה, ווי אַזוי אברהם האָט אָנגעהויבּען פערשפּרייטען דעם גלויבּען צווישען די מענשען. זיין פאָטער תרח האָט געהאַנדעלט מיט הילצערנע אָבּגעטער, וואָס ער פלעגט אַליין מאַכען. איינמאָל האָט ער געלאָזען אַברהמ׳ן, ער זאָל זיי פערקויפען. אַז עס איז געקומען צו איהם אַן׳אַלטער מאַן קויפען אַ אָבּגאָט, האָט איהם אַברהם געפרעגט, וויפיעל איז ער אַלט. דער מענש האָט געענטפערט, אַז ער איז שוין אַלט זיבּעציג יאָהר און אַברהם האָט צו איהם געזאָגט: „שעם זיך, דו אַלטער, וואָס האָסט שוין אַזוי פיעל יאָהר אָבּגעלעבּט און ווילסט דיענען אַ גאָט, וואָס מען האָט ערשט היינט געמאַכט“. דער מענש האָט אַוועקגעוואָרפען דעם אָבּגאָט און איז אַוועקגעגאַנגען. אַזוי האָט אַברהם אָבּגעענט־

פערט אַלע מענשען, וואָס זיינען געקומען קויפען, און זיי זיינען פערשעמטע אַוועקגעגאַנגען פון איהם.

אַז תרח האָט דערזעהן, אַז אַברהם פערקויפט גאָרניט, האָט ער איהם געמאַכט פאַר אַ כהן, ער זאָל בעדיענען די אָבגעטער: צונעמען און דערלאַנגען זיי די מתנות, וואָס מען וועט זיי בריינגען. איין פרוי האָט געבראַכט אַ שיסעל מעהל. אַברהם האָט עס געשטעלט פאַר די אָבגעטער און האָט גענומען אַ שטעקען און זיי אַלע צעבראָכען, נאָר דעם גרעסטען האָט ער איבערגעלאָזען און האָט אין זיינע הענד אַריינגעלייגט דעם שטעקען. אַז תרח איז געקומען, האָט אַברהם איהם געזאָגט: „אַ פרוי האָט געבראַכט אַ מתנה די אָבגעטער, האָבען זיי זיך אָנגעהויבען קריעגען, ווער זאָל פריהער עסען. איז אויפגעשטאַנען דער גרעסטער און האָט זיי אַלע צעבראָכען מיט דעם שטעקען, וואָס ער האַלט". אַז תרח האָט אויסגערופען אין כעס: „וואָס לאַכסטו פון מיר! די געטער זיינען דאָך פון האָלץ, ווי קענען זיי זיך גאָר ריהרען פון אָרט? האָט איהם אַברהם געענטפערט; „הער־זשע, וואָס דו זאָגסט אַליין!... אויב דאָס איז ניט מעהר ווי פשוט האָלץ, וואָס־זשע דיענסטו צו דעם"?

דאַמאָלסט האָט תרח איהם געבראַכט צו'ם קייניג נמרוד, וואָס האָט זיך אַליין אויך געהאַלטען פאַר אַ גאָט. נמרוד האָט איהם געוואָלט בעשטראָפען, נאָר אַברהם האָט זיך ניט דערשראָקען און האָט איהם אויך געוואָלט דערוויזען, אַז ער איז פערנאַרישט, און אַז נמרוד האָט איהם געזאָגט: „בוק זיך צו'ם פייער, וואָס איך בוק זיך אויך צו איהם, וועסטו בלייבען לעבען", האָט איהם אַברהם געענטפערט: „איך וועל זיך שוין בעסער בוקען צו'ם וואַסער, וואָס לעשט אויס דאָס פייער". אַז נמרוד האָט איהם געהייסען זיך בוקען צו'ם וואַסער, האָט ער געענטפערט, אַז עס איז שוין גלייכער זיך בוקען צו די וואָלקען, וואָס האַלטען איין אין זיך דאָס וואַסער. האָט איהם נמרוד געהייסען זיך בוקען צו די וואָלקען, נאָר אַברהם האָט געענטפערט, אַז דער ווינד איז נאָך שטאַרקער, ווייל ער צעיאָגט די וואָלקען. „בוק־זשע זיך צו'ם ווינד", האָט נמרוד אויסגערופען. נאָר אַברהם האָט אַלץ געענטפערט: „דער מענש איז נאָך שטאַרקער, ווייל ער שטעהט איין קעגען דעם ווינד". אַז נמרוד האָט געזעהן, אַז ער קען מיט איהם גאָר נישט מאַכען, איז ער נאָך מעהר אין כעס געוואָרען און האָט אויסגערופען: „און איך זאָג, אַז עס איז נישטאָ קיין שטאַרקערער גאָט פון פייער, וועל איך דיך אַריינוואַרפען אין פייער און זאָל דיין גאָט דיך מציל זיין". און מען האָט צעלייגט אַ גרויסען פייער און איהם אַהין אַריינגעוואָרפען. אין יענער מינוט, דערצעהלט די אַגדה, האָבען זיך די מלאָכים אָנגעהויבען בעטען ביי גאָט, ער זאָל זיי לאָזען מציל זיין אַברהמ'ן, נאָר גאָט האָט געענט־

פּערט: „איך אין הימעל און אַברהם אויף דער ערד—צו אונז איז קיין גלײַכער נישטאָ, דעריבער וועל איך איהם אַליין מציל זײַן״. און אַברהם איז אַרויס גאַנץ,—דער פײַער האָט אַפילו זײַנע קליידער נישט אָנגעריהרט. ער איז געבליבען שטאַרק בײַ זיך, און האָט ניט אויפגעהערט אָנצוווײַזען די מענשען אויף זייערע נאַרישע און ווילדע מנהגים און לערנען זיי דעם גלויבען אין אמת׳ן איינציגען גאָט.

## ג. אַברהם מיט זײַן משפּחה אין כּנען.

די תּורה דערצעהלט, אַז גאָט האָט ליעב געקראָגען אַברהם׳ן און האָט זיך בעוויזען צו איהם, און געהייסען איהם פערלאָזען זײַן פאָטערלאַנד און געהן אין לאַנד כּנען (ארץ ישראל). דאָס איז דאָס שעהן לאַנד, וואָס ליעגט בײַ׳ם ברעג פון דעם מיטלענדישען ים. עס איז בעריהמט מיט זײַנע הויכע בערג, שעהנע טאָלען און גרויסע וועלדער, וועגען וועלכען מען האָט דאַמאָלסט געזאָגט, אַז אין איהם „רינט מילך מיט האָניג״ (ארץ זבת חלב ודבש)—און אָט דאָס רײַכע לאַנד, האָט גאָט איהם צוגעזאָגט, וועט ער אָפּגעבען זײַנע קינדער אויף אייביג. אַברהם האָט גענומען זײַן פרוי שרה, זײַן ברודערס זוהן, לוט, און זײַן גאַנצע משפּחה און איז געקומען קײַן כּנען. דאָ האָט מען די משפּחה אָנגערופען עברים (העברעער). בײַ זיי איז געווען זעהר פיעל שאָף און רינדער און דעריבער האָבען זיי ניט געקענט לאַנג זיצען אויף איין אָרט. זיי האָבען שטענדיג געמוזט איבערוואַנדערען פון איין אָרט אויפ׳ן צווייטען און אומעטום, וואוהין זיי זײַנען געקומען, זײַנען זיי גיך בעוואוסט געוואָרען מיט זייער גוטסקײַט און אָרענטליכקײַט. זייער שטוב איז געווען אָפען פאַר אַלע דורכגעהענדע, די גרעסטע שמחה איז בײַ זיי געווען מאַכען זאַט דעם הונגעריגען און געבען אַן׳אָברוה דעם מיעדען.

## ד. אַברהם׳ס רחמנות און אָרענטליכקייט.

אין גיכען, נאָך זייער קומען קיין כּנען, האָט זיך דאָרט געטראָפען אַ הונגער און אַברהם איז גענויט געווען אַוועקגעהן אין לאַנד מצרים. אָבער באַלד, ווי עס איז אַריבער דער הונגער, האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק און האָט שוין מעהר ניט פערלאָזען דאָס לאַנד. די משפּחה האָט זיך פאַר דער צײַט זעהר צעוואַקסען און רײַך געוואָרען. עס איז זיי איינג געוואָרען לעבען צוזאַמען און לוט האָט זיך געמוזט אָבטיילען, און ער האָט זיך בעזעצט אין סדום. נאָר דאָרט האָט זיך אין גיכען געטראָפען אַ מלחמה: פיער מלכים זײַנען אָנגעפאַלען אויף סדום און האָבען זי אײַנגענומען. זיי

האָבען פערנומען מיט זיך איינגאַנצען דאָס גוטס פון סדום און פיעל איינוואוינער, צווישען וועלכע עס איז געווען אויך לוט און זיין פערמעגען. אַז אברהם האָט דאָס דערהערט, האָט ער מיט זיינע מענשען נאָכגעיאָגט דעם פיינד און האָט זיי צעשלאָגען און אומגעקעהרט צוריק אין סדום לוט'ן און אַלע געפאַנגענע מיט זייער גאַנץ פערמעגען. דער מלך פון סדום האָט געוואָלט אָבגעבען אַברהמ'ן דאָס גאַנצע רייכקייט, וואָס ער האָט אומגעקעהרט; ער האָט אָבער גאָר ניט געוואָלט און האָט געשוואָרען, אַז ער וועט אַפילו קיין פעדימ'ל ניט נעהמען.

נאָר לוט'ן איז ניט בעשערט געווען לאַנג צו זיצען רוהיג: די מענשען פון סדום און עמורה זיינען געווען זינדיג און גאָט האָט זיי געוואָלט בעשטראָפען. אַברהם האָט געבעטען ביי גאָט ער זאָל זיי מוחל זיין צוליעב די אָרענטליכע לייט, וואָס געפינען זיך דאָרט: ער האָט גערעכענט, אַז דאָרט וועלען זיך געווים געפינען פופציג גוטע מענשען. אַז גאָט האָט איהם צוגעזאָגט ניט אָנריהר'ען די שטעדט, אויב עס וועלען דאָרט זיין פופציג גוטע, האָט אַברהם מורא געקראָגען, טאָמער איז דאָרט טאַקי ווייניגער און ער האָט אַזוי לאַנג געבעטען ביי גאָט, ביז ער האָט איהם צוגעזאָגט גאָרניט טון אַפילו צוליעב צעהן אָרענטליכע לייט. קיין צעהן האָבען זיך אָבער אויך ניט געפונען דאָרט, און גאָט האָט די שטעדט אויף אייביג פערוויסטעט און אַלע זייערע איינוואוינער אומגעבראַכט. נאָר לוט מיט זיינע צוויי טעכטער זיינען גאַנץ געבליבען, וויל גאָטס שלוחים האָבען זיי מציל געווען און געהייסען אַנטלויפען פון שטאָדט.

### ה. אַברהמ'ס קינדער.

אַברהם און שרה זיינען שוין אַלט געוואָרען און קיין קינדער האָבען זיי ניט געהאַט. זיי האָבען זעהר שטאַרק געטרויערט אויף דעם. איינמאָל, ווערט דערצעהלט אין דער תורה, האָט אַברהם דערזעהן דריי מענשען דורכגעהן פאַרביי זיין געצעלט, איז ער זיי געלאָפען אַנטקעגען און האָט זיי פעררופען צו זיך. ער האָט זיי געגעבען עסען און טרינקען און האָט זיי אַליין בעדיענט. פאַר'ן אַוועקגעהן האָבען די מענשען איהם אָנגעזאָגט, אַז שרה וועט געבוירען אַ זוהן. ניט געגלויבט האָט שרה, אַז זי זאָל נאָך האָבען אַ קינד, וויל זי איז שוין אַלט געווען און זי האָט געלאַכט. נאָר אין אַ יאָהר אַרום איז עס מקוים געוואָרען און שרה האָט געבוירען אויף דער עלטער אַ זוהן, וועלכען זיי האָבען אַ נאָמען געגעבען יצחק.

אברהם האָט נאָך פון פריהער געהאַט אַ זוהן ישמאל, וועלכען עס האָט איהם געבוירען זיין דיענסט הגר. אָבער שרה האָט נישט געוואָלט ליידען, אַז איהר זוהן זאָל וואַקסען צוזאַמען מיט ישמאל'ן, און זי האָט געזאָגט אַברהמ'ן, ער זאָל אַרויסטרייבען הגר'ן מיט איהר זוהן. אַברהמ'ן האָט עס זעהר פערדראָסען, נאָר גאָט האָט זיך בעוויזען צו איהם און האָט איהם געזאָגט, ער זאָל טון אַלץ, וואָס שרה וועט איהם זאָגען, ווייל נאָר דורך יצחק'ן וועט ער גרויס ווערען. פון ישמאל'ן, האָט ער איהם צוגעזאָגט, וועט אַרויסקומען אַן אַנדער גרויס פאָלק, ווייל ער איז אויך זיינער אַ זוהן (ישמאל רעכענט זיך דער פּאַטריאַרך פון די אַראַבער).

## ו. „עקדת יצחק" און שרה'ס טוידט.

אַברהם האָט אָנגעהויבען לערנען אויך זיין זוהן, יצחק'ן, צו געהן אין גוטען און אמת'ן וועג. און אַז יצחק איז אויסגעוואַקסען, דערצעהלט די תורה, האָט גאָט געוואָלט אויספּרובען אַברהמ'ן, צי איז ער שטאַרק אין זיין גלויבען און ער האָט איהם געהייסען אויפּבריינגען פאַר אַ קרבן זיין איינ־ציגען זוהן. אַברהם האָט ניט פערזאַמט צו ערפילען גאָטס פערלאַנג און האָט אַוועקגעפיהרט יצחק'ן אויף דעם בארג מוריה. דאָרט האָט ער אויסגעבויט אַ מזבח פון דעם האָלץ, וואָס זיי האָבען מיטגענומען, און האָט אַרויפגעלייגט יצחק'ן. אָבער, ווען ער האָט שוין אויסגעצויגען זיין האַנד צו קוילען איהם, האָט ער דערהערט אַ שטימע, וואָס רופט: „אַברהם, טו גאָר ניט דיין זוהן! איצט זעה איך, אַז דו ביזט גענוג גאָטספאָרכטיג און דערפאַר, וואָס דיין ליעבע צו גאָט איז אַזוי גרויס און עס איז דיר ניט שווער געווען אויפבריינגען דיין איינציגען זוהן, וועל איך דיך מאַכען פאַר אַ גרויס פאָלק און דיינע קינדער וועלען זיין „ווי שטערען אין הימעל, ווי זאַמד אויפ'ן ברעג פונ'ם ים".

אַברהמ'ס שמחה האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. באַלד נאָך דעם איז געשטאָרבען זיין פרוי שרה, הונדערט זיעבען און צוואַנציג יאָהר אַלט. ער האָט געקויפט אין חברון אַ שטיק פּלאַץ צו בעגראָבען זי. דאָס אָרט ווערט אָנגערופען מערת המכפלה (דאָרט זיינען שפּעטער בעגראָבען געוואָ־רען אַלע אָבות).

## ז. יצחק און רבקה.

לאַנג נאָך האָבען אַברהם און יצחק געטרויערט אויף שרה'ס טויט. דער איינציגער טרייסט אין אַברהמ'ס לעבען איז געבליבען זיין זוהן, יצחק, און ער האָט איהם נישט געוואָלט נעמען קיין פרוי פון דעם

פאָלק, צווישען וועלכען ער איז געזעסען, אָבער אויך ניט געוואָלט אוועקשיקען פון כּנען. דעריבּער האָט ער געשיקט זיין קנעכט, אליעזר׳ן, קיין ארם־נהרים (מעסאָפּאָטאמיען) אויסקלייבּען אַ פרוי פון זיינע קרובים. אליעזר האָט גענומען צעהן קעמלען און אַ סך פון אַברהמ׳ס רייכקייט און האָט געטון, ווי אַברהם האָט איהם געהייסען.

אַז ער איז געקומען אַהין, איז ער געבּליבּען שטעהן מיט זיינע קעמלען הינטער׳ן שטאָדט. דאָס איז געווען פאַרנאַכט, ווען די מייד־לעך פון שטאָדט געהען אַרוים שעפּען וואַסער, און ער האָט ביי זיך גע־טראַכט: „איך וועל בּעטען ביי די מיידלעך אַביסעל וואַסער אין די, וואָס וועט מיר געבּען טרינקען און וועט מיינע קעמלען אויך אָנטרינקען, יענע האָט גאָט אויסגעקליבּען יצחק׳ן פאַר אַ פרוי“. און אַזוי האָט ער געטון. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ מיידעל און האָט זי געבּעטען, זי זאָל איהם געבּען אַביסעל וואַסער. זי האָט גיך אַראָבּגעלאָזען איהר קרוג און האָט געזאָגט: „איך וועל נאָך אָנשעפּען פאַר דיינע קעמלען אויך“. אַז זי האָט געענדיגט שעפּען פאַר די קעמלען, האָט אליעזר איהר געגעבּען מתּנות און האָט זי געפרעגט, ווער זי איז און האָט זיך דערוואוסט, אַז זי איז רבקה, אַברהמ׳ס בּרודערס אַ אייניקעל. רבקה איז געלאָפען אַהיים און האָט דערצעהלט דער מוטער וועגען אַלעס. איהר בּרודער, לבן, איז אַרויס צו׳ם מענשען און האָט איהם געבּראַכט אין זייער הויז. דאַמאָלסט האָט זיי אליעזר דערצעהלט, צוליעב וואָס ער איז געקומען. די על־טערען האָבּען געפרעגט ביי רבקה׳ן, צי וועט זי געהן מיט אליעזר׳ן, און אַז זי האָט מסכּים געווען, האָבּען זיי זי מיט איהרע דיענסטען אָבּגעשיקט מיט אליעזר׳ן קיין כּנען. אין פעלד האָט זיי בּעגעגענט יצחק און האָט אַריינגעפיהרט רבקה׳ן אין זיין מוטער שרה׳ס געצעלט. זי איז געוואָרען זיין פרוי און ער האָט זיך מיט איהר געטרייסט נאָך זיין מוטער.

אַברהם האָט נאָך דעם געלעבּט זעהר ווייניג און איז געשטאָרבּען, הונדערט פינף און זיבּעציג יאָהר אַלט.

נאָך זיין טויט האָט זיך גאָט בּעוויזען צו יצחק׳ן און האָט איהם אָנגעזאָגט, ער זאָל ניט פערלאָזען כּנען, ווייל איהם און זיינע קינדער וועט ער אָבּגעבּען דאָס לאַנד, אַזוי ווי ער האָט צוגעזאָגט זיין פאָטער אַברהם. יצחק איז געבּליבּען זיצען אין כּנען און איז געוואָרען זעהר רייך און שטאַרק.

## ח. יעקב און עשו.

יצחק׳ס פרוי רבקה האָט געבּוירען צוויי זוהן, עשו און יעקב. יעקב איז געווען אַ שטילער און רוהיגער מענש. ער האָט זיך בּעשעפטיגט

מיט דעם זעלבען, וואָס זײַנע עלטערען אברהם און יצחק, מיט פּאַשען שאָף און רינדער און האָט געפיהרט אַ רוהיגען הויז־לעבען. עשו איז געווען גאָר אַנ'אַנדער מענש; ער האט ניט געקענט לעבען רוהיג און האָט זיך אויסגעקליבען אַנ'אַנדער וועג: ער איז געוואָרען אַ יעגער, אַ „פעלד־מענש".

לויט דעם מנהג פון יענע צײַטען וואָלט עשו געדאַרפט פאַרנעמען יצחק'ס אָרט נאָך זײַן טויט, ווײַל ער איז געווען דער בכור (עלטסטער זוהן), נאָר עשו האָט עס ניט געקענט שעצען און איינמאָל, אַז ער איז געקומען פון פעלד מיעד און הונגעריג, האָט ער זײַן בכורה פערקויפט יעקב'ן פאַר אַ לינזען־געקעכטס. רבקה האָט געזעהן, אַז ניט דער אומ־רוהיגער עשו, נאָר דער שטילער יעקב דאַרף ירש'ענען יצחק'ן און ווערען אַ פּאַטריאַרך נאָך איהם און זי האָט ליעבער געקראָגען יעקב'ן. יצחק האָט אָבער מעהר ליעב געהאַט עשו'ן, ווײַל ער איז שוין געווען אַלט, שוואַך און בלינד און עשו האָט איהם אָפט צוגעגרייט גוטע מאכלים פון דעם, וואָס ער פלעג האַפּען אין פעלד.

איינמאָל האָט רבקה דערהערט, ווי יצחק האָט גערופען עשו'ן און האָט איהם געהייסען געהן אין פעלד האַפּען עפּיס און צוגרייטען פאַר איהם, כדי ער זאָל איהם בענשען פאַר זײַן טויט. רבקה האָט געוואָלט, אַז דעם פאָטערס ברכה זאָל בעסער אָנקומען איהר געליעבטען און איי־דעלערען זוהן יעקב און זי האָט אײַנגערעדט יעקב'ן, ער זאָל פערכאַפּען די ברכה ביז עשו וועט קומען. זי האָט צוגעגרייט אַ געשמאַקען מאכל און האָט איבערגעטהון יעקב'ן אין עשו'ס קליידער, אויף די הענד האָט זי איהם אָנגעטון פעלכלעך (ווײַל עשו איז געווען אַ האָריגער) און האָט איהם אַרײַנגעשיקט מיט'ן מאכל צו'ם פאָטער. דער בלינדער יצחק האָט דערקענט יעקב'ס קול, האָט ער איהם צוגערופען און אַ טאַפּ געטון און, אַז ער האָט דערפיהלט זײַנע האָריגע הענד, האָט ער זיך זעהר פערוואונ־דערט: דער קול, האָט ער געזאָגט, איז יעקב'ס, אָבער די הענד זײַנען עשו'ס (הקול קול יעקב, והידים ידי עשו). דאָך האָט ער געגעסען פון דעם, וואָס יעקב האָט געבראַכט און האָט איהם געבענשט. אַז עשו איז געקומען און האָט זיך עס דערוואוסט, איז ער זעהר אין כעס געוואָרען: ער האָט זיך אויך דערמאָנט וועגען דער בכורה, וואָס יעקב האָט נאָך פריהער בײַ איהם אָבגעקויפט און האָט פערטראַכט הרג'ענען יעקב'ן באַלד ווי יצחק וועט שטאַרבען. נאָר רבקה האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט, און האָט דערצעהלט יעקב'ן, וואָס עשו האָט פערטראַכט וועגען איהם און האָט געזאָגט: געה מײַן זוהן, אַנטלויף צו מײַן ברודער לבן אין חרן, ביז עס וועט איבערגעהן דײַן ברודערס כעס, דאַמאָלסט וועל איך

שיקען און נעהמען דיך פֿון דאָרט. יעקב האָט געטון, ווי זײַן מוטער האָט איהם געהייסען, און איז אַוועקגעגאַנגען.

אויפֿ'ן וועג האָט ער זיך אָבגעשטעלט אין איין אָרט איבערנעכטיגען. ער האָט אָנגעשפּאַרט זײַן מידען קאָפּ אויף אַ שטיין און איז אײַנגעשלאָפֿען. און עס האָט זיך איהם גע'חלום'ט: אַ לייטער שטעהט אויף דער ערד און זײַן שפּיץ דערגרייכט צו'ם הימעל, און מלאָכים געהן אויף דעם לייטער אַרויף און אַראָב, און איבער איהם שטעהט גאָט אַליין און זאָגט צו איהם: די ערד, אויף וועלכער דו ליעגסט, וועל איך דיר און דײַנע קינדער אָבגעבען און וועל זײַן מיט דיר און דיך אָבהיטען, וואו דו וועסט געהן, און איך וועל דיך אומקעהרען צוריק אין דעם לאַנד.

מיט אַ גלויבען אין דעם, וואָס ער האָט געהערט אין חלום, האָט זיך יעקב געלאָזט געהן ווײַטער און נאָך אַ לאַנגען און שווערען וועג איז ער אָנגעקומען ביז חרן. הינטערן שטאָדט האָט ער געטראָפֿען פּאַסטוכער, וואָס זײַנען געשטאַנען בײַ אַ ברונען, וואוהין זיי פּלעגען זיך צונויפקלײַבען אָנטרינקען זייערע שאָף און ער האָט בײַ זיי אָנגעהויבען נאָכפרעגען זיך אויף לבנ'ן. אין דער צײַט איז אָנגעקומען צו'ם ברונען רחל, לבנ'ס טאָכטער, מיט איהר פֿאָטערס שאָף. אַז די פּאַסטוכער האָבען איהם געזאָגט, ווער זי איז, האָט ער זיך מיט איהר צעקושט און האָט געוויינט פֿאַר גרויס פֿרייד. רחל איז געלאָפֿען אָנזאָגען איהר פֿאָטער וועגען זײַן קומען און באַלד איז לבן אַרויסגעגאַנגען צו איהם און האָט איהם געבראַכט און זײַן הויז.

## ט. יעקב אין חרן און אין כנען.

יעקב איז געבליבען בײַ לבנ'ען און האָט אָנגעהויבען פּאַשען זײַנע שאָף. ער האָט שטאַרק ליעב געקראָגען לבנ'ס שעהנע טאָכטער, רחל, און אַז לבן האָט איהם געפֿרעגט, וואָס פֿאַר אַ געצאָהלסט וויל ער פֿאַר זײַן אַרבײַט, האָט יעקב געענטפֿערט, אַז ער וועט איהם דיענען זיבען יאָהר פֿאַר זײַן קלענערער טאָכטער רחל. אַז יעקב האָט אָבגעדיענט די זיבען יאָהר, האָט איהם לבן געגעבען זײַן עלטערע טאָכטער לאָה, וואָס איז ניט געווען אַזוי שעהן, ווי רחל און האָט געהאַט שלאַפֿע אויגען. ער האָט געזאָגט: בײַ אונז איז אײַנגעפֿיהרט אַז די עלטערע מוז חתונה האָבען פֿריהער. און איצט, אויב דו ווילסט רחל'ן אויך, זאָלסטו אַרבײַטען בײַ מיר נאָך אַנדערע זיעבען יאָהר. און יעקב האָט געדיענט נאָך זיעבען יאָהר פֿאַר רחל'ן. לויט דעם מנהג פֿון יענעם אָרט, האָט ער אויך גענומען זײַנע ווײַבערס דיענסטען, בלהה און זלפּה. די פֿרויען האָבען איהם גע-

בוירען צוועלף זיהן (ראובן, שמעון, לוי, יהודה, יששכר, זבולון, דן, נפתלי, גד, אשר, יוסף ובנימין) און איין טאָכטער (דינה).

נאָך די פיערצעהן יאָהר דאָט איהם לבן נאָך אַלץ ניט אָבגעלאָזען און יעקב האָט ביי איהם געדיענט נאָך עטליכע יאָהר פאַר געצאָהלסט. יעקב'ן האָט זעהר בעגליקט, און אַז ער איז געווען רייך געוואָרען מיט שאָף און רינדער, קנעכט און דיענסטען, האָט ער בעשלאָסען אומקעהרען זיך צוריק צו זיין פאָטער יצחק. אויפ'ן וועג איז געשטאָרבען זיין געליעבטע פרוי, רחל, און ער האָט זי בעגראָבען ניט ווייט פון בית-לחם.

אין גיכען, נאָך זיין קומען קיין חברון, איז יצחק געשטאָרבען, הונדערט אַכטציג יאָהר אַלט, און גאָט האָט זיך בעוויזען צו יעקב'ן נאָך אַמאָל און האָט איהם צוגעזאָגט, אַז ער וועט פון זיינע קינדער מאַכען אַ גרויס און שטאַרק פאָלק און וועט זיי אויך אָבגעבען דאָס לאַנד כנען. ער האָט איהם אָנגערופען נאָך מיט איין נאָמען „ישראל", און דעריבער ווערען די יודען אָנגערופען „בני ישראל" (איזראַעליטען).

## י. „מכירת יוסף", און יוסף אין מצרים.

פון די צוועלף זיהן, וואָס יעקב האָט געהאַט, האָט איהם זיין געליעבטע פרוי רחל געבוירען נאָר צוויי, יוסף און בנימין. דעריבער האט ער זיך פערהאַלטען צו יוסף'ן (דעם עלטערען) מיט מעהר ליעבע, ווי צו אַלע זיינע זיהן. יוסף האָט זיך מיט דעם גרויס-געהאַלטען און ער פלעג דערצעהלען די ברידער זיינע חלומות, אַז ער וועט הערשען איבער זיי אַלע. דאָס האָט זיי זעהר פערדראָסען און זיי האָבען איהם פיינט געקראָגען. איינמאָל, ווען יעקב האָט איהם געשיקט צו זיינע ברידער אין פעלד, וואו זיי האָבען געפאַשעט זייערע שאָף, האָבען זיי איהם פערקויפט סוחרים, וואָס זיינען געפאָהרען קיין מצרים. צו יעקב'ן האָבען די ברידער געבראַכט יוסף'ס קלייד איינגעטונקען אין בלוט און האָבען געזאָגט, אַז זיי האָבען עס געפינען אין פעלד. יעקב האָט דערקענט דאָס קלייד און האָט אויסגערופען: „דאָס איז מיין זוהנס קלייד! אַ בייזע חיה האָט איהם אויפגעגעסען, יוסף איז צעריסען!" און לאַנג נאָך האָט יעקב בעוויינט זיין געליעבטען זוהן און האָט זיך גאָר ניט געוואָלט טרייסטען.

און יוסף'ן האָט אין מצרים די ערשטע צייט ניט געגליקט, ווייל די פרוי פון זיין האַר, צו וועלכען מען האָט איהם פערקויפט פאַר אַ קנעכט, האָט אויף איהם אויסגעטראַכט אַ בלבול און מען האָט איהם אַריינגעזעצט אין תפיסה צוזאַמען מיט אַלע פערשולדיגטע לייט. אָבער אין אַ צייט אַרום האָט זיך געטראָפען, אַז פרעה'ן, דעם קייניג פון מצרים, האָט זיך גע'חלומ'ט

אַ חלום, וואָס קיינער פון זײַנע לײַט האָט איהם ניט געקענט בעשיידען. דאַמאָלסט האָט ער זיך דערוואוסט פון איינעם פון זײַנע בעדינער, וואָס איז אַמאָל געזעסען צוזאַמען מיט יוסף׳ן אין תּפיסה, אַז יוסף איז זעהר אַ קלוגער מאַן און מען האָט איהם גלײַך געבראַכט צו פּרעה׳ן.

פּרעה האָט איהם דערצעהלט זײַן חלום, אַז ער שטעהט בײַ׳ם ברעג טײַך און זעהט, ווי עס געהען אַרויס זיעבען פעטע קיה און נאָך זיי געהען זיעבען מאָגערע און די מאָגערע האָבען אײַנגעשלונגען די פעטע; און דאָס צווייטע מאָל האָט זיך איהם גע׳חלומ׳ט, אַז זיעבען טרוקענע ליידיגע זאַנגען האָבען אײַנגעשלונגען אַנדערע זיעבען זאַפטיגע און פולע. יוסף האָט אויסגעהערט די חלומות און האָט געזאָגט, אַז דאָס בעווײַזט אויף זיעבען גוטע גערעטענע יאָהר און אויף אַנדערע זיעבען הונגער־יאָהר, וואָס וועלען קומען נאָכדעם. ער האָט אַנ׳עצה געגעבען פּרעה׳ן, ער זאָל אויסקלײַבען אַ קלוגען, פייהיגען מענשען, וואָס זאָל צונויפקלײַבען אין די גוטע יאָהרען ברויט און אָנגרייטען אויף די הונגער־יאָהר. פּרעה׳ן איז עס זעהר געפעלען געוואָרען און ער האָט יוסף׳ן געמאַכט פאַר אַ הערשער איבער׳ן גאַנצען לאַנד מצרים און האָט איהם אַליין געהייסען טון, ווי ער האָט געזאָגט.

אַז עס זײַנען אַריבער די זיעבען גוטע יאָהר און עס איז געוואָרען דער הונגער, האָט מען אָנגעהויבען קומען צו יוסף׳ן נאָך ברויט. אין די אַרומיגע לענדער האָט מען אויך דערהערט, אַז אין מצרים איז דאָ תּבואה, האָט מען פון דאָרט אויך אָנגעהויבען געהן אַהין קויפען. צווישען די קומענדיגע זײַנען געווען אויך יוסף׳ס ברידער, וואָס האָבען איהם ניט דערקענט. ער האָט זיי אָבער באַלד דערקענט און האָט זיך צו זיי דער־וואוסט. די ברידער האָבען זיך זעהר דערשראָקען, נאָר יוסף האָט זיי בערוהיגט און האָט געזאָגט: „דאָס האָט מיך גאָט געשיקט אַהער, כּדי איך זאָל אײַך אַלע מציל זײַן פון דעם הונגער". ער האָט זיך צעקושט מיט זײַנע ברידער און האָט געוויינט, נאָכדעם האָט ער זיי מיטגעגעבען פוהרען און מתּנות און געהייסען געהן קיין כּנען ברײַנגען צו איהם זייער פאָטער, יעקב׳ן, מיט זײַן גאַנצער משפּחה.

### יא. יעקב מיט זײַן משפּחה אין מצרים.

גרויס איז געווען יעקב׳ס שמחה, ווען ער האָט דערהערט, אַז יוסף לעבט נאָך. „גענוג", האָט ער אויסגערופען, „איך וועל נאָך געהן זעהען מײַן זוהן פאַר מײַן טויט". און מיט אַלע זײַנע זיהן, קנעכט און רינדער איז ער געקומען קיין מצרים. יוסף האָט פאַר זיי אויסגעקליבען דאָס געגענד, גשן, ווײַל דאָרט זײַנען געווען פעטע לאָנקעס און זיי האָבען זיך דאָרט

רוהיג געקענט בעשעפטיגען מיט דעם זעלבען, וואָס אין כנען, מיט פּאַשען זייערע שאָף און רינדער.

זיעבעצעהן יאָהר האָט יעקב אָבגעלעבט, נאָך זיין קומען קיין מצרים, און איז געשטאָרבען, הונדערט זיעבען און פערציג יאָהר אַלט. פאַר זיין טוֹיט האָט ער געבענשט אַלע זיינע זיהן און אויך יוסף׳ס צוויי זיהן, אפרים און מנשה. זיינע זיהן האָבען איהם אַריבערגעפיהרט קיין כנען און בע־גראָבען אין דער מערת־המכפלה צוזאַמען מיט זיינע עלטערן, ווייל אַזוי האָט ער זיי אָנגעזאָגט פאַר זיין טוֹיט.



## ב.

# משה רבנו.

די בני ישראל אין מצרים און משה׳ס געבורט. —משה אין מצרים און אין דער מדבר. —יציאת מצרים. —דער וועג צו׳ם באַרג סיני. —קבלת התורה. —דער עגל. —די מרגלים. —דאָס לעבען אין מדבר און די ערשטע מלחמות. —משה׳ס טויט.

### א. די בני ישראל אין מצרים און משה׳ס געבורט.

די מצריים זיינען דאַמאָלסט געווען דאָס קליגסטע פאָלק אין דער וועלט, זיי זיינען אויך געווען שטאַרק און רייך און האָבען געהאַט פיעל רייכע און גרויסע שטעדט. און חאָטש די יודען האָבען זיך ביי זיי פיעל אָבגעלעהרענט, האָבען זיך די צוויי פעלקער ניט צונויפגעמישט. איין גרויסע זאַך האָט זיי אָבגעטיילט: דאָס גלויבען, ווייל די מצריים, ביי דער גאַנצער קלוגשאַפט זייערער, האָבען, ווי אַלע פעלקער אין יענער צייט, גע-גלויבט און געדיענט צו פיעל געטער. ביי זיי איז געווען די זון אַ גאָט און די לבנה אַ געטין, חוץ דעם האָבען זיי נאָך פערהייליגט איינינע בהמות און חיות. די יודען האָבען ניט געקענט פער׳מיאוס׳ן דאָס און די מצריים האָבען אויך געקוקט אויף די יודען, ווי אויף פרעמדע.

די בעהאַלטענע שנאה האָט אויפגעפלאַקערט ערשט שפּעטער, ווען די יודען האָבען אויפגעהערט אַרומוואַנדערען איבער׳ן לאַנד און אָנגע-הויבען בעזעצען זיך אויף שטענדיג אין געוויסע ערטער.

די יודען האָבען זיך פערמעהרט זעהר גיך; מיט זיעבעציג מאַן איז יעקב געקומען קיין מצרים און גיך זיינען זיי זיך צעוואַקסען אין צוועלף גרויסע שבטים, לויט דעם צאָהל פון יעקב׳ס קינדער (נאָר דער שבט יוסף האָט זיך צעטיילט אויף צוויי שבטים: אפרים און מנשה—די קינדער פון יוסף׳ן). יעדער שבט האָט געלעבט בעזונדער, אָבער גאָר אינגאַנצען האָ-בען זיי זיך ניט אָבגעטיילט איינער פון אַנדערען און האָבען זיך גערעכענט פאַר איין פאָלק.

אַז די מצריים האָבען דערזעהן, ווי גרויס עס איז געוואָרען די צאָהל פון די יודען און האָבען אויך בעמערקט זייער פעהיגקייט און קלוגשאַפט, האָבען זיי זיך דערשראָקען: זיי האָבען מורא געהאַט, די יודען זאָלען ניט ווערען שטאַרקער פון זיי און האָבען אָנגעהויבען צוטראַכטען מיטלען, ווי אונטערדריקען, אָבשוואַכען זיי. מען האָט אָנגעהויבען נויטען די יודען צו טון אַלערליי שווערע אַרבייט. פּאַלאַצען, פּיראַמידען און אַפילו גאַנצע שטעדט האָבען זיי אויסגעבויט פאַר די קייניגען פון מצרים און דאָס אַלץ האָבען זיי געטון אונטער דער אויפזיכט פון שלעכטע לייט, וואָס האָבען שטרייננ נאָכגעקוקט נאָך יעדער זאַך. אַ שווערע, זעהר שווערע צייט האָבען די יודען דאַמאָלסט איבערגעלעבט. זיי האָבען אָבער שטיל געליטען און ניט אויפגעהערט צו האָפען, אַז סוף־כל־סוף וועלען זיי זיך אומקעהרען צוריק קיין כנען און אָנהויבען לעבען פריי, ווייל זיי האָבען געדיינקט די ווערטער, וואָס גאָט האָט געזאָגט זייער פאָטער, יעקב'ן, פאַר זיין קומען קיין מצרים: „האָב קיין מורא נישט געהן קיין מצרים, איך וועל מיט דיר געהן אַהין און איך וועל דיך ברייננען צוריק". אַז פרעה האָט דערזעהן, אַז עס האָט גאָר ניט געהאָלפען, ווייל די יודען האָבען ניט אויפגעהערט צו פערמעהרען זיך, האָט ער זיך בעשלאָסען אויף אַ פיעל ערגערע זאַך: ער האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, מען זאָל די יודישע ניי־געבאָרענע יונגלעך אין טייך אַריינוואַרפען.

אין דער צייט, ווען די יודישע צרות זיינען שוין אַזוי גרויס געוואָרען, איז ערפילט געוואָרען זייער האָפנונג. ביי איין מענשען עמרם, פון שבט לוי, איז געבוירען געוואָרען אַ זוהן, משה, וועמען עס איז אָנגעצייכענט געווען בעפרייען דאָס יודישע פאָלק פון זייער קנעכטשאַפט, אַרויספיהרען זיי פון מצרים און מאַכען פאַר אַ איידעל, שטאַרק און פריי פאָלק.

ווען דאָס קינד איז געבוירען געוואָרען האָט זיין מוטער, יוכבד, געפרובט עס אויסבעהאַלטען; דאָס איז אָבער געווען אונמעגליך און זי האָט בעשלאָסען איבערלאָזען דאָס קינד אויף מזל. זי האָט עס אַריינגעלייגט אין אַ קעסטעל און אַיועקגעשטעלט ביי'ם ברעג טייך. איהר טאָכטער, מרים, איז געבליבען שטעהן פון וויטען, כדי צו זעהן, וואָס וועט זיין מיט'ן קינד. אין דער צייט איז פרעה'ס טאָכטער צוגעגאַנגען צו'ם טייך און האָט דאָס קעסטעל מיט'ן קינד דערזעהן. זי האָט פערשטאַנען, אַז דאָס איז אַ יודיש קינד, האָט זי אויף דעם רחמנות געקראָגען און האָט עס גענומען צו זיך. אַז מרים האָט דאָס דערזעהן, איז זי צוגעגאַנגען און האָט געפרעגט ביי איהר, צי זאָל זי ברייננען אַ אַם צו'ם קינד, און אַז זי האָט איהר געהייסען, האָט מרים געבראַכט איהר מוטער יוכבד. די מוטער האָט אַליין אויסגעהאָדעוועט איהר זוהן, משה, און אַז

ער איז אויסגעוואַקסען, האָט זי איהם געבראַכט צוריק צו פּרעה׳ס טאָכטער.

## ב. משה אין מצרים און אין דער מדבר.

משה איז געוואַקסען אין קיניגס הויז, ער האָט אָבער ניט פערגעסען, אַז ער איז אַ יוד און פלעג אָפט אַרויסגעהן צוקוקען, ווי די יודען אַרבּייטען. די לעגענדע דערצעהלט, אַז ער פלעג יעדעס מאָל אָבשיקען זיינע בעדיענער, וואָב האָבען איהם בעגלייט, און אַליין זיך שטעלען אַרבּייטען, העלפען די פערמאַטערטע יודען און, אַרבּייטענדיג, ריידען מיט זיי און טרייסטען זיי. און גאָט האָט געזאָגט: „דער־פאַר, וואָס ער האָט פערלאָזען דעם קיניגס רייכע פּאַלאַצען און איז בעסער געגאַנגען צו זיינע אָרימע ברידער העלפען זיי און ריידען מיט זיי, וועט זיין אַ צייט, אַז איך וועל פערלאָזען מיינע מלאָכים און בעסער ריידען מיט איהם״.

איינמאָל האָט משה דערזעהן, ווי אַ מצרי שלאָגט אַ יודען. אַזאַ בעליידיגונג האָט ער שוין ניט געקענט פערטראָגען; ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר׳ן יודען און גע׳הרג׳עט דעם מצרי. אַז פּרעה האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער איהם געוואָלט טויטען. און משה איז געצווינגען געווען צו אַנטלויפען אין דער מדבר, וואו עס זיינען דאַמאָלסט געזעסען די מדינים. איין כּהן, יתרו, האָט איהם גענומען צו זיך אין שטוב אַריין און געגעבען איהם זיין טאָכטער צפּורה פאַר אַ פרוי, און משה האָט אָנגעהויבען פּאַשען זיינע שאָף.

דאָ, לעבענדיג אַ רוהיגען, שטילען פּאַסטוכער־לעבען, האָט זיך משה אָנגעהויבען פערטראַכטען וועגען דעם גורל פון זיינע ברידער, וועגען זייער קנעכטשאַפט און ערנידערונג און ער האָט גענומען חלומ׳ן וועגען בעפרייאונג. אָט וואָס די תּורה דערצעהלט וועגען דעם: איינמאָל, ווען משה האָט געפּאַשעט זיינע שאָף נעבען באַרג חורב (סיני), האָט ער דערזעהן אַ דאָרן, וואָס ברענט אין אַ פלאַם־פייער און ווערט ניט פערברענט און אַז ער האָט געוואָלט צוגעהן זעהן, וואָס איז דאָס, האָט ער דערהערט אַ שטימע, וואָס רופט: „געה ניט צו, דאָס אָרט אויף וועלכען דו שטעהסט איז הייליג! איך בּין דער גאָט פון דיינע עלטערען, איך האָב דערזעהן די צרות פון מיין פאָלק, איך האָב דערהערט זיין קרעכצען און איך וויל איהם בעפרייען און פיהרען אין אַ גוטען און ברייטען לאַנד, אין אַ לאַנד, וואו עס רינט מילך און האָניג. געה דו צו פּרעה׳ן און פיהר אַרויס מיין פאָלק פון מצרים, פון קנעכטשאַפט״. און משה האָט גענומען זיין ווייב און קינדער און האָט זיך אומגעקעהרט קיין

מצרים. אויפ׳ן וועג האָט ער בעגעגענט זיין ברודער אהרונ׳ען; ער האָט איהם דערצעהלט וועגען אַלעס, וואָס ער האָט איבערגעטראַכט, געהערט און געזעהן, און אַהרון איז אויך צוגעשטאַנען צו איהם.

## ג. „יציאת מצרים״.

ניט אַזוי גרינג אָבער האָט זיך משה׳ן און אַהרונ׳ען איינגעגעבען אויסצופיהרען זייער פּלאַן. אַז זיי זיינען דאָס ערשטע מאָל געקומען צו פרעה׳ן און אין נאָמען פון גאָט איהם געזאָגט ער זאָל בעפרייען די יודען, האָט ער זיי בייז געענטפערט: „וואָס זיינט איהר געקומען שטערען דעם פאָלק אין זיין אַרבייט? איך קען ניט אייער גאָט און וועל די יודען נישט אָבלאָזען!״ און ער האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, מען זאָל די יודען נאָך מעהר דריקען און נויטען צו טון נאָך שווערערע אַרבייט.

דאַמאָלסט האָט משה זיך געווענדעט צו גאָט און האָט געזאָגט: „צו וואָס האָסטו מיך געשיקט? זינט איך בין געקומען צו פרעה׳ן איז דעם פאָלק נאָך שווערער געוואָרען״. און גאָט האָט אָנגעהויבען ברינגען דורך משה׳ן מכּות אויף פרעה׳ן און אויף די מצריים, איינע שווערער פון דער אַנדערער: דאָס וואַסער פון זייער איינציגען גרויסען טייך נילוס איז רויט געוואָרען, ווי בלוט, און מען האָט עס נישט געקענט נוצען; אויף זייערע פעלדער איז אַ היישעריק אָנגעפאַלען און האָט דאָס גאַנצע ברויט אויפגעגעסען; אַ שרעקליכער האָגעל האָט זיך דורכגעטראָגען איבער׳ן לאַנד און האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסען חורבן.

נאָך יעדער מכּה האָט פרעה זיך געבעטען ביי משה׳ן און אַהרונ׳ען, זיי זאָלען פון איהם אַראָבנעמען די צרה און האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט בעפרייען די יודען. נאָר ער האָט ניט געהאַלטען זיין וואָרט און עס זיינען אויף איהם אָנגעקומען נייע צרות: נאָך איין גרויסער מכּה, ווען אין לאַנד האָט דריי טעג נאָכאַנאַנד געהערשט אַ מוֹראָ׳דיגע פינסטערניש, אַז קיינער האָט זיך גאָר פון אָרט ניט געקענט ריהרען, האָט פרעה געזאָגט, אַז ער וועט שוין אָבלאָזען די יודען, נאָר זייערע שאָף און רינדער זאָלען בלייבען אין מצרים. איצט אָבער האָט משה שוין גאָר ניט געוואָלט העֶרען וועגען דעם און האָט איהם געענטפערט: „דו אַליין וועסט אונז נאָך געבען מתּנות און מיר וועלען אַרויס פון דאַנען מיט אַלע אונזערע רינדער, קיין פּוס פון אונז וועט דאָ ניט בלייבען!״ פרעה איז אין כּעס געוואָרען און האָט אויסגערופען: „געה פון מיר און זאָלסט זיך מעהר צו מיר ניט ווייזען, ווייל אויב דו וועסט מיך נאָך אַמאָל זעהן וועסטו געטויט ווערען״. און משה האָט געענטפערט: „אַזוי וועט עס טאַקי זיין! איך

וועל שוין מעהר דיין פנים ניט זעהן, אַלע דיינע קנעכט וועלען קומען צו מיר און וועלען זיך בוקען און בעטען מיך: פערלאָז דאָס לאַנד, דו און דיין גאַנץ פאָלק, וואָס דו פיהרסט, און דאַן וועל איך אַרויסגעהן פון דעם לאַנד".

דאַמאָלסט, ווערט ווייטער דערצעהלט אין דער תורה, האָט גאָט אָנגעשיקט אויף די מצריים די לעצטע (צעהנטע) מכה: אַלע בכורים פונ'ם גאַנצען לאַנד, און צווישען זיי אויך פרעה'ס בכור, זיינען אין איין נאַכט אויסגעשטאָרבען—און פרעה האָט אין מיטען נאַכט געריפען משה'ן און געבעטען איהם, ער זאָל וואָס גיכער אַרויספיהרען די יודען, מיט אַלע זייערע שאָף און רינדער, אַזוי ווי ער האָט געזאָגט. און דאָס פאָלק, וואָס איז ערשט ניט לאַנג געוועזען אונצופריעדען מיט משה'ן, וואָס האָט אויף זיי געבראַכט אַזאַ צרה, מיט זיין פאָדערען פון פרעה'ן זייער בעפרייאונג, האָט איצט, דערהערענדיג די פרעהליכע בשורה, זיך גיך צונויפגעקליבען און גרייט געמאַכט זיך אין וועג אַריין. און פופצעהן טעג אין דעם פריהלינגס-חדש ניסן האָבען זיי פערלאָזען דאָס לאַנד מצרים. אַלס אַ זכר פון דער בעפרייאונג פייערען די יודען דעם יום-טוב, פסח, זיעבען טעג, ווען מען עסט קיין חמץ ניט, ווייל פון גרויס איילעניש האָבען די יודען דאַמאָלסט נישט געקענט אויסבאַקען קיין ברויט פון זייער טייג און האָבען געמוזט באַקען אין וועג מצות.

ווי די יודען האָבען זיך נאָר דערפיהלט פריי, האָבען זיי זיך גלייך געלאָזט קיין כנען. משה האָט אָבער מורא געהאַט פיהרען זיי דורך דעם וועג, וואָס וואָלט זיי גיך געבראַכט צו זייער ציעל, ווייל די יודען זיינען נאָך ניט געוועזען גרייט צו דער מלחמה, וואָס זיי וואָלטען געוויס געמוזט אויסהאַלטען, קומענדיג צו'ם גרעניץ פון לאַנד. ער האָט זיך דעריבער אומגעקעהרט צוריק, כדי צו געהן דורך אַנ'אַנדער וועג, אַ לייגגערען.

קומענדיג צו'ם ברעג פון ים-סוף האָט מיט זיי געטראָפען אַנ'אויסערגעוועהנליכע זאַך: די מצריים, וואָס זיינען שוין צו זיך געקומען, נאָך אַלע מכות, האָבען זיך בעטראַכט, אַז זיי האָבען נאַריש געטון, וואָס זיי האָבען אַרויסגעלאָזט די יודען. מיט אַ גרויס חיל האָבען זיי גענומען נאָכיאָגען און אָנגעיאָגט שוין דאָ, ביי'ם ים. די יודען, דערזעהענדיג פאַר זיך דעם גרויסען, בייזען ים און הינטער זיך די בעוואָפענטע שטאַרקע מצריים, האָבען זיך דערשראָקען און אָנגעהויבען שרייען צו משה'ן: „איז דען אין מצרים קיין קברים ניטאָ, וואָס דו האָסט אונז געבראַכט אַהער אין דער מדבר שטאַרבען? אַ סך בעסער וואָלט שוין אונז געוועזען צו בלייבען קנעכט אין מצרים". און משה האָט זיי געשטאַרקט און געענטפערט: „זייט רוהיג! היינט זעהט איהר די מצריים דאָס לעצטע מאָל, היינט מוז

אַ נס געשעהען". און עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטאַרקער ווינד און דער ים האָט זיך געשפּאַלטען. די יודען זײַנען גיך איבערגעגאַנגען און דאָס וואַסער האָט זיך צוריק אומגעקעהרט אויף זײַן אָרט און פערטרונקען די מצריים מיט אַלעס, וואָס זיי האָבען געפיהרט מיט זיך.

דאָס ערשטע מאָל האָט דאָס יודישע פאָלק זיך דערפיהלט באמת פרײַ און האָבען אָנגעהויבען זינגען פרעהליכע לויב־ליעדער. איינע פון די ליעדער איז בײַ אונז געבליבען אין דער תּורה. דעם שיר האָט געזונגען משה און מיט איהם אַלע יודען. ער הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „איך וועל זינגען צו גאָט, דען ער האָט גרויסעס געטהון: דעם פערד מיט זײַן רײַטער האָט ער געוואָרפען אין ים". ווײַטער ווערט בעזונגען, ווי אַזוי דער נס איז פאָרגעקומען: דער פײַנד האָט געטראַכט: „איך וועל יאָגען, חאַפּען און צעטיילען דאָס רויב", נאָר פון דײַנעם אַ בלאָז דאָט זיי פערדעקט דער ים, זיי זײַנען געזונקען, ווי בלײַ, אין דעם מעכטיגען שטראָם". עטליכע מאָל ווערט דאָס איבערגע׳חזר׳ט אין דעם שיר און צו׳ם סוף, ווערט אַרויסגעזאָגט די האָפנונג, אַז גאָט וועט וואַרפען אַ מוראָ אויף אַלע אײַנוואוינער פון כּנען, זײַן אויסדערוועהלטען פאָלקס פײַנד, וועט איהם בריינגען אין זײַן לאַנד און וועט איהם דאָרט בעפעסטיגען אויף אייביג.

משה׳ס שוועסטער, מרים, האָט אויך גענומען אַ פּויק אין האַנד און נאָך איהר זײַנען אַלע יודישע פרויען אַרויס מיט פרייד און געזאַנגען.

## ד. דער וועג צו׳ם באַרג סיני.

פון איצט הויבט זיך אָן דאָס אומוואַנדערונג פון די אידען און משה׳ס לײַדען. דאָס פאָלק איז נאָך געוועזען פערגרעבט און קנעכטיש. זיי האָבען נאָך ניט געקענט פיהלען דעם אמת׳ן גליק פון פרײַהײַט און האָבען ניט פערשטאַנען, וואָס דער געטליכער משה האָט זיי געטהון. בײַ יעדען קליינעם אומגליק, אָדער שוועריגקייט, וואָס עס האָט זיי געטראָפען אין וועג, פלעגען זיי קומען צו איהם מיט טענות, אַז אין מצרים איז זיי אַ סך בעסער געוועזען און משה׳ס לעבען איז געוועזען אין סכּנה. נאָר דער גרויסער פיהרער האָט זיי אַלץ מוחל געוועזען; ער האָט זיי שטענדיג בערוהיגט און, ווי אַ געטרײַער פאָטער, האָט ער שטיל געליטען און זיי אַלץ נאָכגעגעבען.

אין דער תּורה ווערט דערצעהלט וועגען פיעל וואונדער, וואָס גאָט האָט דאַמאָלסט געטהון די יודען דורך משה׳ן. אין דער מדבּר, שור, דורך וואַנען משה האָט זיי געפיהרט, איז געוועזען וועניג וואַסער און דאָס וואַסער, וואָס זיי האָבען געפינען, איז אויך געוועזען ביטער. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען שרײַען און משה האָט מיט אַ שטיק האָלץ זיס געמאַכט דאָס

וואַסער. שפּעטער איז בײַ זיי אויסגעגאַנגען די שפּײַז, וואָס זיי האָבען מיטגענומען און ווידער זײַנען זיי אָנגעפאַלען אויף משה׳ן און געשריגען: „מיר וואָלטען שוין בעסער געשטאָרבען אין מצרים, וואו מיר האָבען גע־געסען ברויט צו זאַט, האָסטו אונז געבראַכט אַהער, מיר זאָלען אויסגעהן פון הונגער!״ דאַמאָלסט איז געשעהן נאָך אַ גרעסערער נס: בײַ נאַכט איז אָנגעפאַלען און האָט בעדעקט די גאַנצע ערד דער מן. דאָס זײַנען געווען ווײַסע, זיסע גרײַפּעלעך, וואָס פלעגען, ווי די תּורה דערצעהלט, יעדע נאַכט אָנפאַלען, און מיט וואָס די יודען האָבען זיך געשפּײַזט די גאַנצע צײַט פון זייער וואַנדערען. שפּעטער זײַנען זיי אָנגעקומען קיין רפידים, אַ בערגיג אָרט, און האָבען ווידער נישט געהאַט קיין וואַסער. זײַנען זיי נאָך אַמאָל געקומען צו משה׳ן מיט טענות: „וואָס האָסטו אונז אַרויסגעפיהרט פון מצרים, מיר זאָלען אויסגעהן דאָ פון דורשט? וואַסער גיעב אונז!״ משה האָט שוין ניט געקענט פערטראָגען און האָט גערופען צו גאָט און האָט געזאָגט: „וואָס זאָל איך טון מיט דעם פאָלק? נאָך אַביסעל וועלען זיי מיך מיט שטיינער פערוואַרפען״. און גאָט האָט איהם געהייסען שלאָגען מיט אַ שטעקען אויף אַ שטיין און פון דעם שטיין איז אַרויס וואַסער פאַר׳ן גאַנצען פאָלק. אַזוי ווערט דערצעהלט אין דער תּורה וועגען משה׳ס לײַדען. משה איז אָבער ניט אָבגעשוואַכט געוואָרען: יעדעס מאָל האָט ער זיי געשטראָפט פאַר זייער ווילדקײַט און האָט ניט אויפגעהערט צו לערנען דאָס פאָלק און אַלץ געפיהרט זיי ווײַטער צו דעם לאַנד, וואו זיי וועלען שוין קענען פיהרען אַ פרײַען און איידעלע־רען לעבען.

אויף דעם וועג צו׳ם מדבר סיני, וואוהין די יודען זײַנען איצט גע־גאַנגען, האָבען אַרומגעוואַנדערט די עמלקים. דערזעהענדיג, ווי די יודען זײַנען מיעד און אָבגעשוואַכט, זײַנען די עמלקים אָנגעפאַלען אויף זיי. דאַן האָט משה גערופען זײַן תּלמיד, יהושע׳ן, און האָט איהם געהייסען אָבקלײַבען זיך דרייסטע, שטאַרקע לײַט און אַרויסטרעטען געגען די עמלקים. דער יונגער העלד האָט אַזוי געטון: ער האָט אָבגעטריבען די עמלקים און דאָס פאָלק איז געגאַנגען ווײַטער.

## ה. קבלת התורה.

אויפ׳ן דריטען חדש, נאָך זייער אַרויסגעהן פון מצרים, זײַנען די יודען אָנגעקומען און האָבען זיך אָבגעשטעלט בײַ׳ם באַרג סיני. דאָ האָט משה צונויפגערופען די עלטסטע פון די יודען און האָט זיי איבערגעגעבען גאָטס רייד און אַזוי געזאָגט: „אויף אָדלער־פליגעל האָט אײַך גאָט גע־

טראָגען, ביז ער האָט אייך געבראַכט צו זיך און איצט, אויב איהר וועט צוהערען זיין קול און היטען זיינע געזעצען, וועט איהר ווערען זיין אויס-דערוועהלט פאָלק; איהר וועט זיין אַ כהנים-מלוכה, אַ הייליג פאָלק״. און די יודען האָבען דאָ בעקומען דורך משה'ן דעם טייערסטען, דעם הייליג-סטען שאַץ, וואָס האָט זיי באמת געמאַכט פאַר „אַ הייליג פאָלק, אַ פאָלק, פון כהנים״,—די תורה; ד י תורה, וואָס האָט זיי בעגלייט אויף זייער גאַנ-צען שווערען און פינסטערען וועג, וועלכע איז זיי געוועזן אַ טרייסט אין די ביטערסטע צייטען און האָט זיי בעלויכטען די פינסטערסטע נעכט.
אין דער תורה ווערט וועגען דעם דערצעהלט אַזוי: משה האָט געהייליגט דאָס פאָלק; זיי האָבען זיך געריינינגט און געוואַשען צוויי טעג. ער האָט זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלען זיין גרייט צו'ם דריטען טאָג. אויפ'ן דריטען טאָג האָט פון בעגינען אָן געבליצט און געדונערט; אַ געדיכטער וואָלקען האָט איינגעהילט דעם באַרג, אַ טרומייטען-קלאַנג האָט געהילכט און דאָס פאָלק איז פערציטערט געוואָרען. משה האָט זיי אַרויסגעפיהרט צו'ם באַרג און דער באַרג האָט געפלאַקערט: דאָס איז דער גרויסער גאָט אַראָב אויף איהם אין פייער, און דער באַרג האָט זיך אינגאַנצען געוויגט און געצי-טערט. דער טרומייטען-קלאַנג האָט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער גע-הילכט און גאָט האָט אויסגערופען די עשרת הדברות:

א. „איך בין דיין גאָט, וואָס דאָט דיך אַרויסגעפיהרט פון מצרים, פון קנעכטשאַפט״.

ב. „זאָלסט זיך נישט מאַכען קיין אָבגעטער און קיין בילדער, זאָלסט זיך נישט בוקען צו זיי און זאָלסט זיי נישט דיענען״.

ג. „זאָלסט נישט דערמאָנען גאָטס נאָמען אומזיסט״.

ד. „זאָלסט היטען דעם טאָג פון שבת; ער זאָל ביי דיר הייליג זיין; זעקס טאָג זאָלסטו אַרבייטען און דעם זיבעטען טאָג זאָלסטו רוהען, דו און דיין קנעכט און דיין דיענסט און דיין אָקס און דיין אייזיל און דער פרעמדער, וואָס זיצט מיט דיר״.

ה. „זאָלסט עהרען דיין פאָטער און מוטער״.

ו. „זאָלסט נישט טויטען״.

ז. „זאָלסט נישט מנאף זיין״.

ח. „זאָלסט נישט גנב'ענען״.

ט. „זאָלסט נישט זאָגען קיין פאַלשע עדות״.

י. „זאָלסט נישט גלוסטען קיין פרעמדס״.

די עשרת הדברות האָט דאָס גאַנצע פאָלק אויסגעהערט פון גאָט אַליין און זיי האָבען אַלע אין איין קול צוגעזאָגט טון און פאָלגען אַלעס,

וואָס גאָט וועט זיי אָנזאָגען. און משה איז אַרויף אין נעבעל צו גאָט אי־בערצונעמען די תורה.

די לעגענדע גיט נאָך צו, אַז בעת גאָט האָט געגעבען די יודען די תורה, האָט קיין פויגעל נישט געצוויצערט, קיין בהמה נישט געמוקעט, קיין חיה נישט געברומט און דער ים האָט זיך נישט געריהרט. די גאַנצע וועלט איז פערצאַפּעלט געוואָרען אין אַ שטומער שטילקייט, און נאָר פון באַרג סיני האָט געהילכט דאָס קול. אויך די מלאָכים האָבען איבער־געריסען זייער געזאַנג און שטילערהייד געטרויערט אויף דעם, וואָס גאָט נעמט־צו פון הימעל די תורה, די ציהרונג, וואָס איז דאָרט בעהאַלטען געווען פאַר פיעל טויזענטער יאָהרען, איידער די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען.

„און כתות־וויַיז זייַנען מלאָכים געקומען,
„בעטריעבט זיך געזעצט אין אַ קרייַז אין אַ שטומען—

. . . . . . . . . . . . . . . . .

„און שטילערהייד האָבען געזיפצט די מלאָכים:
„אַלמעכטיגער שדי, ווער ווייסט דייַנע דרכים?
„פון שרפים געפליגעלטע קעהרסטו זיך אָב
„און ערד־ברואים שיינקסטו דייַן טייַערסטען גאָב".

(יהואש).

און אַז משה איז געקומען נעמען די תורה, האָט גאָט איהם גע־הייסען גיעבען די מלאָכים אַנ'ענטפער. און משה האָט זיך אָנגענומען פאַר'ן כסא הכבוד און האָט געזאָגט: „וואָס שטעהט אין דער תורה גע־שריבען?" „איך בין דייַן גאָט, וואָס האָט דיך אַרויסגעפיהרט פון מצרים, פון קנעכטשאַפט". „צי זייַנט איהר דאָס, מלאָכים, אין מצרים געוועזן? האָט איהר דאָס בייַ פרעה'ן אין קנעכטשאַפט געלעבט?". און ווייַטער וואָס שטעהט דאָרט: „זאָלסט זיך ניט מאַכען קיין אָבגעטער!" „צי זיצט איהר דען צווישען די פעלקער, איהר זאָלט פון זיי זיך געצענדיענסט אָבלערנען?" און ווייַטער: „זאָלסט נישט טויטען, זאָלסט ניט גנב'ענען, נישט גלוסטען קיין פרעמדס". „צי רייצט אייַך דען ווער אויף שלעכטען אָן, צי האָט איהר דען וועמען מקנא צו זייַן? ניין! ניט די הימלישע מלאָכים, נאָר די מענ־שען פון דער ערד דאַרף די תורה געגעבען ווערען". און באַלד איז משה בעליעבט געוואָרען בייַ זיי אַלע און זיי האָבען ווידער אָנגעהויבען זייער לויב־געזאַנג צו גאָט.

פערציג טעג און פערציג נעכט איז משה נאָך פערבליבען אויפ'ן באַרג און דאָרט האָט ער איבערגענומען בייַ גאָט די אַלע געטליכע גע־זעצען פון רחמנות און מענשליכען איידעל־שעהנעם לעבען, וואָס ער האָט

נאָכדעם געוואָלט איבערגעבען זײַן געליעבטען פאָלק, ישראל, און האָט עס זײַן גאַנצען לעבען געלערנט.

די עשרת הדברות האָט ער אויפגעקריצט אויף שטיינערנע לוחות און די איבעריגע געזעצען האָט ער אין אַ בוך פערשריבען.

## ו. דער עגל.

אָבער אַ גרויסער טייל פון פאָלק איז נאָך ניט דערוואַקסען צו פערשטעהן די הייליגע געדאַנקען. און אַז זיי האָבען געזעהן, אַז משה זאַמט זיך צו לאַנג אויפ'ן באַרג, האָבען זיי אָנגעהויבען זאָגען: „מיר ווייסען ניט, וואָס איז געוואָרען מיט דעם משה'ן, וואָס האָט אונז אַרויסגעפיהרט פון מצרים. לאָ'מיר זיך אַליין מאַכען אַ גאָט, וואָס זאָל געהן פאַר אונז", און זיי האָבען זיך אויסגעגאָסען פון גאָלד אַנ'אָבגאָט אין דעם געשטאַלט פון אַ קאַלב (עגל-הזהב), צו איהם האָבען זיי זיך געבוקט און געטאַנצט אַרום איהם.

אין דער צײַט איז משה אַראָבגעגאַנגען פון באַרג. ער האָט געטראָגען זײַנע בּרידער די לוחות, אויף וועלכע ער האָט אויסגעקריצט די עשרת הדברות און איז פערציטערט געוואָרען פון צאָרן, אַז ער האָט דערהערט די פרעהליכע קולות און דערזעהן, ווי גרינג און גיך דאָס פערווילדעטע פאָלק האָט שוין פערגעסען זײַן תורה און אַליץ, וואָס ער האָט צוליעב זיי געטון. ער האָט אַ וואָרף געטון די לוחות און זיי צעבראָכען און האָט אויסגערופען: „מי לה' אלי!" (ווער עס איז פאַר גאָט—צו מיר!) און עס האָבען זיך צו איהם צונויפגעקליבען די בעסטע פון די בני ישראל. משה האָט זיי געהייסען נעמען געוועהר און טויטען די אַלע, וואָס האָבען געדיענט צו'ם עגל. אין יענעם טאָג זײַנען געפאַלען ביז דרײַ טויזענד מאַן. די תורה דערצעהלט, אַז גאָט האָט זיי ניט געוואָלט מוחל זײַן זייער זינד. ער האָט געזאָגט צו משה'ן: „דאָס פאָלק איז זינדיג און איך וועל זיי פערניכטען און פון דיר וועל איך אַרויסברייננגען אַ גרויס פאָלק". נאָר משה האָט לאַנג מתפלל געווען צו גאָט און געבעטען פאַר זיי. ער האָט איהם דערמאָנט זײַנע הבטחות, וואָס ער האָט צוגעזאָגט די אָבות: אַברהם, יצחק און יעקב, אַז ער וועט זייערע קינדער מאַכען גרויס און שטאַרק און האָט געזאָגט: „זײַ זיי מוחל זייער זינד און אויב ניט, מעק מיך אויך אויס פון דײַן בוך". און גאָט האָט ניט געבראַכט דאָס שלעכטס, וואָס ער האָט געטראַכט. משה האָט נאָך אַ מאָל אויסגעקריצט די עשרת הדברות אויף אַנדערע לוחות און, אַז ער האָט זיי געבראַכט צו'ם פאָלק, דערצעהלט די תורה, האָט זײַן פנים געשטראַלט. און דאָס פאָלק האָט מיט מורא און גלויבען געהערט אַליץ, וואָס ער האָט זיי געזאָגט.

## ז. די מרגלים.

איצט איז דער צוזאַמענבונד צווישען די שבטים געוואָרען נאָך שטאַרקער. זיי האָט איצט פעראייניגט איין תורה און איינע געזעצען, און זיי איז געבליבען נאָר איין זאַך—קומען קיין כנען און אָנהויבען לעבען, ווי אַ פרייַ גאַנץ פאָלק. משה האָט זיי צעטיילט אויף פיער מחנות, צו דרייַ שבטים אין יעדער מחנה. אין מיטען די מחנות האָט ער געהייסען אויפשטעלען דעם אוהל=מועד, אָדער משכן, וואָס האָט געדאַרפט דיענען פאַר אַ דערווייַליגען בית המקדש. דאָס איז געווען אַ געצעלט, וואו עס איז געשטאַנען דער אָרון מיט די לוחות. אַרום דעם געצעלט איז געווען אַ הויף מיט אַ מזבח, וואו מען פלעגט אויפבריינגען קרבנות, וואָס איז געווען דער גאַנצער גאָטס=דיענסט אין יענער צייַט. יעדער מחנה האָט געהאַט בעזונדערע פאָהנען און עלטסטע, וואָס האָבען זיי געפיהרט. אַזוי זייַנען זיי געשטאַנען און אין דער זעלבער אָרדנונג פלעגען זיי אויך געהן.

אַ קורצע צייַט זייַנען די יודען נאָך פערבליבען אין מדבר סיני און זייַנען געגאַנגען ווייַטער, ביז זיי זייַנען געקומען קיין קדש, ניט ווייַט פון כנען. דאָ האָט משה אויסגעקליבען צוועלף מענשען מרגלים (אויספאָרשער), ווי זאָלען געהן אויסקוקען דאָס לאַנד. די צוועלף מענשען זייַנען דורכ= געגאַנגען גאַנץ כנען און האָבען געבראַכט אַנ׳ענטפער, אַז דאָס לאַנד איז אַ גוטעס, אָבער די אייַנוואוינער זייַנען אויך זעהר שטאַרקע. די יודען האָבען זיך זעהר דערשראָקען: זיי האָבען אָנגעהויבען וויינען און זאָגען, אַז מען דאַרף זיך אומקעהרען צוריק קייַן מצרים. ווען משה׳ס תלמיד, יהושע, און נאָך איינער, כלב, וואָס זייַנען אויך געווען צווישען די מרגלים, האָבען זיי גענומען אייַנרעדען, אַז מען וועט קענען אייַננעמען דאָס לאַנד, האָט דאָס פאָלק זיי שיעור ניט פערוואָרפען מיט שטיינער.

גרויס איז געווען משה׳ס פערצווייפלונג, ווען ער האָט דערזעהן, אַז ס׳איז נאָך נישט קיין צייַט אויף מלחמה, אַז ער וועט מוזען אויסוואַרטען, ביז עס וועט אויסוואַקסען אַנ׳אַנדער יונגער דור, וואָס וועט ניט וויסען פון קיין מצרים מיט קיין קנעכטשאַפט און וועט זייַן דרייסטער און פע= היגער צו מלחמה. מיט אַ וועהטאָג אין האַרצען האָט ער געהייסען געהן ווייַטער אין מדבר אַרייַן. און אין גאָטס נאָמען האָט ער זיי געזאָגט: „אַזוי ווי איהר האָט געשריגען, אַזוי וועט עס זייַן. אין דער מדבר וועט איהר אומקומען, איהר אַלע פון צוואַנציג יאָהר = אַלט און העכער, וואָס איהר האָט זיך געקלאָגט אויף מיר, איהר וועט ניט אַרייַן אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב געשוואָרען אייַך אָבצוגעבען. נאָר יהושע און כלב און אייַערע קינדער, וועגען וועלכע איהר האָט געזאָגט, אַז זיי וועלען אין

אײַערע שונאים׳ס הענד אַרײַנפאַלען, זיי וועל איך אַרײַנפיהרען אַהין און זיי וועלען דערוואוסען דאָס לאַנד. אָבער אויך זיי וועלען מוזען אַרומוואַנדערען אין דער מדבר און לײַדען פאַר אײַערע זינד, ביז איהר, דער גאַנצער זינדיגער דור, וועט דאָ אויסשטאַרבען״. אַז דאָס פאָלק האָט אויסגעהערט משה׳ס רייד, האָבען זיי באַלד חרטה געהאַט און האָבען אויסגערופען: „מיר האָבען געזינדיגט, נאָר איצט וועלען מיר שוין געהן און מלחמה האַלטען, ווי גאָט האָט געהייסען״. און זיי האָבען זיך גלײַך גענומען צו׳ם געווער. משה האָט זיי געוואָרענט, זיי זאָלען ניט געהן, ווײַל גאָט איז שוין ניט מעהר צווישען זיי און וועט זיי ניט בעגליקען. און אַזוי איז עס געווען: ווי זיי זײַנען נאָר אַרויף אויף די בערג, וואָס פיהרען קײַן כנען, זײַנען אויף זיי אָנגעפאַלען די עמלקים און האָבען זיי אָבגעטריבען צוריק. דאַמאָלסט האָבען זיי שוין געמוזט פאָלגען משה׳ן און בלײַבען אין מדבר.

## ח. קרח׳ס קריעג.

פערציג יאָהר האָבען די יודען נאָך אַזוי אַרומגעוואַנדערט. געניג האָט זיך דער געטליכער פיהרער פון זיי אָנגעליטען פאַר דער צײַט: זעהר אָפט פלעג דאָס אויפגערייצטע פאָלק גראָב אַרויסטרעטען קעגען איהם. אַזוי ווערט דערצעהלט וועגען איינעם קרח, פון שבט לוי, וועלכער האָט צונויפגעקליבען אַרום זיך נאָך צוויי הונדערט פופציג אָנגעזעהנסטע און עלטסטע פונ׳ם פאָלק, וואָס זײַנען מיט איהם אַרויסגעטראָטען קעגען משה׳ן און אַהרונ׳ען און האָבען געשריגען: „געניג אײַך שוין! דאָס גאַנצע פאָלק, אַלע זײַנען הייליג, און גאָט איז צווישען זיי, וואָס־זשע שטעלט איהר זיך העכער פון גאָטס פאָלק? דיר איז ווייניג, האָבען זיי זיך געווענדעט צו משה׳ן, וואָס דו האָסט אונז אַרויסגעפיהרט פון יענעם לאַנד, וואו עס רינט מילך מיט האָניג און האָסט אונז געבראַכט אין דער מדבר, מיר זאָלען דאָ פערלאָרען ווערען! ווילסטו נאָך הערשען איבער אונז?״. און גאָט איז ווידער צאָרניג געוואָרען און האָט געזאָגט צו משה׳ן און אַהרונ׳ען: „טיילט זיך אָב פון דעם קהל און איך וועל אין איין מינוט פון זיי אַלע אַ תל מאַכען״. נאָר משה איז געפאַלען אויפ׳ן פנים און האָט געבעטען בײַ גאָט און האָט געזאָגט: „איין מענש האָט געזינדיגט און דו צאָרנסט אויפ׳ן גאַנצען פאָלק?״ דאַמאָלסט האָט גאָט געזאָגט משה׳ן, ער זאָל הייסען דעם גאַנצען פאָלק זיך אָבטיילען אָן אַ זײַט. און עס האָט זיך געעפענט די ערד אונטער קרח׳ן מיט זײַנע לײַט און האָט זיי אַלע אײַנגעשלונגען מיט זייערע געצעלטען און זייער גאַנץ פערמעגען. און דאָס פאָלק איז זיך אין שרעק צעלאָפען.

אַזוֹי פלעגט דאָס פערוווילדעטע פאָלק אָנפאַלען אויף זייער טרייען פיהרער און געטליכען נביא, וואָס האָט, ווי אַ פאָטער פאַר זיינע קינדער, געזאָרגט פאַר זיי און זיי אָבגעהיט; וואָס האָט ניט געאַכט קיין כבוד און האָט זיך ניט געוואָלט דערהויבען פונ׳ם פאָלק. און אַז מען איז איינמאָל געקומען צולויפען צו איהם זאָגען, אַז צוויי זקנים האָבען אָנגעהויבען נביאות זאָגען, האָט ער זיי ניט פערשלאָסען, ניט פערוועהרט צו ריידען, ווי עס האָט איהם גע׳עצה׳ט זיין תלמיד, יהושע, נאָר פערקעהרט, מיט דער גרעסטער פרייד האָט ער אויסגערופען: „הלואי, וואָלט דאָס גאַנצע גאָטס פאָלק בעשטאַנען פון נביאים". דאָס איז געווען זיין איינציגער ווילען, און דעריבער האָט ער זיין גאַנץ לעבען געפלאַנצט אין זייערע הערצער נאָר ליעבע צו׳ם איינציגען גאָט און זיינע הייליגע געזעצען, וועלכע ער האָט זיי געלעהרענט, כדי זיי זאָלען אין זייער לאַנד לעבען מיט יושר און מענשליכקייט, אַזוי אַז אַלע פעלקער פון דער וועלט זאָלען זאָגען: „נאָר דאָס איז אַ קלוג, גרויס און פערשטענדיג פאָלק" (הנה רק זה־עם חכם ונבון).

## ט. די ערשטע מלחמות.

עס זיינען אַריבער די פערציג יאָהר. פונ׳ם זינדיגען דור המדבר איז שוין קיינער ניט געבליבען און די יודען זיינען אָנגעקומען צו׳ם מזרח־ברעג פונ׳ם טייך ירדן. דאָ איז געזעסען אַ שטאַרק פאָלק אמורים, מיט זייער קייניג סיחון. צו איהם האָט משה געשיקט, ער זאָל לאָזען די יודען דורכ־געהן קיין כנען. נאָר אָנשטאָט דעם איז סיחון אַרויסגעטראָטען מיט אַ גרויס חיל קעגען זיי. די יודען האָבען איהם אָבער צעשלאָגען און אַריינ־געריסען זיך אין לאַנד. דאָ איז זיי אויסגעקומען אויסהאַלטען נאָך איין מלחמה מיט עוג, דעם קייניג פון בשן, און זיי זיינען איהם אויך בייגע־קומען און זיין לאַנד פערנומען. אַזוי איז דער גאַנצער מזרח־ברעג פון ירדן אַריבער צו זיי און זיי זיינען דאָ געבליבען רוהען און האָבען זיך אָנגעהויבען גרייטען אַריבערגעהן דעם ירדן, איינצונעמען דאָס גאַנצע לאַנד כנען, וואָס ליעגט פון יענער זייט טייך.

די צוויי שבטים ראובן און גד זיינען געווען רייך מיט שאָף און רינ־דער, און אַז זיי האָבען דערזעהן, אַז דאָס לאַנד, וואו זיי רוהען, איז בע־דעקט מיט זאַפטיגע לאָנקעס, זיינען זיי געקומען צו משה׳ן בעטען איהם, ער זאָל זיי דאָ לאָזען זיך בעזעצען און ניט אַריבערפיהרען זיי דעם ירדן. נאָר משה האָט זיי בייז געענטפערט: „אייערע ברידער וועלען אַרויסגעהן אויף מלחמה און איהר וועט זיך רוהיג זיצען דאָ?" ער האָט זיי געשטראָפט

פאַר זייער שלעכטען מיין, צו פערלאָזען זייערע ברידער אין דער נויט. נאָר ווען זיי האָבען איהם געענטפערט, אַז זיי ווילען דאָ נאָר אויסבויען הייזער פאַר זייערע ווייב און קינדער, מאַכען אַן אָרט פאַר די רינדער, און אַליין ווילען זיי אַריבערגעהן, פריהער פאַר אַלע זייערע ברי־דער, און וועלען געהן פאָראויס אין מלחמה און זיך ניט אומקעהרען צוריק, ביז יעדער שבט וועט קריגען זיין טייל, האָט משה געהייסען אָבגעבען דעם פלאַץ די צוויי שבטים און אַ האַלבען שבט מנשה, וואָס איז אויך צוגעשטאַנען צו זיי און האָט זיך אויך אָבגענומען אַ שטיק פלאַץ אויף דער זייט ירדן, וואָס האָט געהייסען גלעד.

## י. משה׳ס טויט.

בעת עס איז שוין געבליבען מאַכען נאָך איין שריט, נאָך אַביסעל און דאָס פאָלק איז שוין אין כנען און עס ווערט ערפילט דאָס, אויף וואָס משה האָט אַרויסגעקוקט, וועגען וואָס ער האָט געטראַכט און געהאָפט אַזוי פיעל יאָהרען, האָט ער דערפיהלט, אַז ער מוז שטאַרבען און איהם איז ניט בעשערט אַריבערפיהרען די יודען דעם ירדן. ער האָט צונויפ־גערופען דאָס פאָלק, האָט זיי נאָך אַ מאָל איבערגע׳חזר׳ט זיין תורה און האָט זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלען געהן אין גוטען וועג און ניט פערגעסען דעם גלויבען אין איינציגען גאָט, כדי זיי זאָלען לאַנגע יאָהרען זיצען אין דעם לאַנד, וואָס גאָט וועט זיי געבען. אין ריהרענדע ווערטער האָט ער זיך מיט זיי געזעגענט און יעדער שבט בעזונדער געבענשט.

פאַר אַ פיהרער נאָך זיך האָט ער געמאַכט זיין תלמיד, ידושע בן נון. „זיי שטאַרק און שמאַלץ״, האָט משה געזאָגט צו יהושע׳ן, „ווייל דיר איז בעשערט אַריינפיהר־ען דאָס פאָלק אין דעם לאַנד, וואָס גאָט האָט געשוואָרען זייערע עלטערען אָבצוגעבען זיי, און דו ויעסט זיי עס אויך צעטיילען״. נאָכדעם איז ער אַרויפגעגאַנגען אויפ׳ן באַרג נבו און פון דאָרט האָט ער געקוקט אויף ארץ־ישראל האַטש פון דערווייטענס.

די אַגדה דערצעהלט, ווען משה האָט דערזעהן, אַז ער דאַרף שוין שטאַרבען האָט ער געמאַכט אַ קליינעם קרייז אַרום זיך און האָט געזאָגט: „איך וועל ניט אַרויסגעהן פון דאַנען, ביז די גזרה וועט ניט בטל ווערען״ און האָט אָנגעהויבען תפלה טון. און גאָט האָט געהייסען פער־שליסען אַלע טויערען פון הימעל, כדי זיין תפלה זאָל אַהין נישט דער־גריי־כען. נאָר משה׳ס תפלה איז געוועזן, ווי אַ שאַרפע שווערד, זי האָט געריסען די הימלען און קיין זאַך האָט זי ניט געקענט אָבהאַלטען. משה האָט געזאָגט: „רבונו של עולם, דו ווייסט דאָך וויפיעל צער און ליידען איך

האָב געהאַט פון די יודען, ביז זיי האָבען אָנגעהויבען גלויבען אין דיר, און איך האָב זיי איבערגעגעבען דיין תורה און מצוות". איך האָב געטראַכט: „אַזוי ווי איך האָב געזעהן זייערע צרות, וועל איך אויך זעהן זייער גוטס. און איצט, אַז עס איז געקומען די גוטע צייט אויף די יודען, זאָגסטו: „דו וועסט ניט אַריבער דעם ירדן"... נאָר גאָט האָט געענטפערט: „דאָס איז אַ גזרה, וואָס קען שוין ניט בטל ווערען". און משה האָט זיך געבעטען, אַז אויב ער קאָן ניט אַריין אַ לעבעדיגער אין כנען, זאָלען חאָטש זיינע ביינער קומען אַהין, אָדער ער זאָל ווערען אַ חיה, וואָס לויפט דאָרט אַרום, אָדער אַ פויגעל, וואָס קען דאָרט אַרומפליהען. נאָר גאָט האָט זיין תפלה נישט אָנגענומען. און גאָט איז אַליין מיט דריי מלאָכים אַראָב צוּנעמען משה'ס נשמה. די מלאָכים האָבען פאַר משה'ן צוגעגרייט אַ בעט און האָבען זיך געשטעלט ביי די זייטען. און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן: „מאַך צו דיינע אויגען" און ער האָט צוגעמאַכט, „לייג צונויף דיינע הענד אויפ'ן האַרצען" און ער האָט צונויפגעלייגט, „ציה אוים דיינע פים" און ער האָט אויסגעצויגען. און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ס נשמה: „טאָכטער מיינע! הונדערט און צוואַנציג יאָהר האָב איך דיר אָנגעצייכענט צו זיין אין משה'ס גוף. איצט איז געקומען דיין צייט אַרויסגעהן". האָט די נשמה זיך אָנגעהויבען בעטען: „איך האָב איהם ליעב און וויל ניט אַרויסגעהן פון איהם. רבונו של עולם, דו ביזט דאָך דער האַר פון אַלע נשמות, דו האָסט מיך בעשאַפען און האָסט מיך געלאָזען אין זיין גוף הונדערט און צוואַנציג יאָהר. איצט איז דען דאָ אַ ריינערער און הייליגערער גוף פאַר מיר?" נאָר גאָט האָט איהר געענטפערט: „געה אַרוים, און איך וועל דיך נעמען אויפ'ן הימעל און דו וועסט שטענדיג זיין צווישען די מלאָכים, נעבען מיין כסא הכבוד". און גאָט האָט אַ קוש געטון משה'ן, מיט דעם קוש האָט ער אַרויסגענומען זיין נשמה. און משה איז געשטאָרבען אַ „מיתת נשיקה", הונדערט און צוואַנציג יאָהר אַלט. און

...„ער האָט קיין איינציגען טרייסט אונז געלאָזט אויף דער וועלט,
ער האָט אויף אייביג זיין קבר פערבאָרגען"...

(ש. פרוג).

און קיינער ווייסט ניט וואו ער איז בעגראָבען. דרייסיג טעג האָבען די יודען בעוויינט זייער טרייען פיהרער און געטליכען נביא, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אַז נאָך אַזא פיהרער ווי משה, וועט מעהר ביי זיי נישט זיין.



ג.

# יהושע בן נון.

יהושע׳ס ערשטע שריט. —דאס איינגעמען און צעטיילען כנען. —יהושע׳ס לעצטע טעג.

### א. יהושע׳ס ערשטע שריט.

משה איז געשטארבען און פאר א פיהרער נאך זיך האט ער נאך ביי זיין לעבען אויסגעקליבען זיין תלמיד, יהושע בן נון. אין דער יוגענד נאך האט יהושע זיך ארויסגעוויזען אלס א גרויסער העלד: ער האט געפיהרט די ערשטע מלחמות פון דעם בעפרייטען פאלק, דאס איז געוועזען אין די ערשטע חדשים פון זייער זיין אין דער מדבר. אז די עמלקים זיינען אויף זיי אנגעפאלען, האט ער זיך אבגעקליבען א חיל פון די יודען און האט זיי צעשלאגען. שפעטער האט ער זיך בעוויזען, ווי משה׳ס א טרייער תלמיד, וואס איז כמעט ניט ווייניגער פאר איהם איבערגעגעבען דער בעפרייאונג פון פאלק ישראל און דעם בעפעסטיגען זיי אין כנען, אזוי אז קיין זאך האט איהם ניט געקענט פון דעם אבהאלטען. ער איז אויך געוועזען צווישען די צוועלף מרגלים און האט אויך געזעהן, אז די איינוואוינער פון כנען זיינען זעהר שטארק. דאך האט עס איהם ניט אבגעשראקען, אזוי ווי זיי, און ער האט געהאלטען אין איין רופען דאס פאלק צו מלחמה. און אין די לעצטע מלחמות, וואס ער האט איצט אנגעהויבען ביי׳ם איינעמען כנען, האט ער נאך בעוויזען, אז ער איז א קלוגער און געניטער קריעגס-פיהרער אויך.

די יודען זיינען געשטאנען ביי׳ם מזרח-ברעג פונ׳ם טייך ירדן און א גרויס שטיק לאנד איז שוין געוועזען אין זייערע הענד, ווייל דער ירדן שניידט דורך גאנץ כנען און טיילט זי אויף מזרח און מערב-טייל. דעם מזרח-טייל אדער גלעד, האבען די יודען איינגענומען נאך ביי משה׳ס

לעבען און דער גאנצער פלאץ איז פון משה׳ן אליין בעשטימט געוואָרען נאָר פאַר די צוויי שבטים, ראובן און גד און אַ האַלבען שבט מנשה. אָבער דאָס גאַנצע פאָלק האָט געדאַרפט אַריבער דעם ירדן אַהין, וואו עס ליעגט כּנען דאָס בעריהמטע, איינע פון די געבענטשסטע לענדער אויף דער וועלט, וואָס „קיינס פעהלט אין איהר ניט״ (אשר לא יחסר כל בה), „וואו די ערד איז פרוכטבאַר, די לופט איז ריין און לויטער און אין די גערטנער וואַקסען די בעסטע און שעהנסטע פרות; וואו מעהר פאַר אַליץ געראָטען די וויינגערטנער, טייטלען און אייל־בוימער; כּנען דאָס שעהנע, וועמענס הויכע בערג און מיט בלומען אויסגעצירטע טאָלען זיינען אין דער וועלט בעריהמט און האָבען אַרויסגערופען אָהן אַ צאָהל שעהנע שירים ביי פיעל יודישע משוררים״.

דאָס לאַנד איז אין יענער צייט בעשטאַנען ניט פון איין מלוכה, נאָר פון פיעל קליינע, אָבער בעפעסטיגטע מלוכות, און עס האָט גע־דאַרפט בעצוואונגען ווערען דורך גרויסע און שווערע מלחמות. יהושע האָט אָנגעהויבען גרייטען דאָס פאָלק צו דעם. ער האָט גערופען די שבטים, וואָס האָבען זיך געדאַרפט בעזעצען אויף דער זייט ירדן, און האָט זיי דערמאָנט, וואָס זיי האָבען צוגעזאָגט משה׳ן, אַז זיי וועלען די ערשטע אַריינטרעטען אין כּנען און געהן פאָראויס אין דער מלחמה, ביז יעדער שבט וועט קריגען זיין חלק. און זיי האָבען איהם געענטפערט; „אַזוי ווי מיר האָבען געפאָלגט משה׳ן, אַזוי וועלען מיר דיך אויך הערען און וועלען אונזער וואָרט האַלטען״. נאָך דעם האָט ער אויך אַזוי, ווי משה, צעשיקט מרגלים אויסקוקען די שטעדט, מיט וועלכע עס וועט איהם אויסקומען מלחמה האַלטען. און דאָס מאָל האָבען זיך די מרגלים אומגעקעהרט מיט דער פרעהליכער בשורה, אַז יענע פעלקער האָבען שוין אויך דערהערט וועגען די יודישע נצחונות, אויף דער זייט ירדן, און זיי זיינען זעהר דער־שראָקען. דאַמאָלסט האָט שוין יהושע ניט געזאַמט און באַלד אַריבערגע־פיהרט דאָס פאָלק איבער׳ן טייך.

## ב. דאָס איינגעמען און צעטיילען כּנען.

צוערשט זיינען פאַר זיי געפאַלען די צוויי שטאַרקע שטעדט יריחו און עי. וועגען דאָס איינגעמען יריחו ווערט דערצעהלט אין תנ״ך, אַז עס איז פאָרגעקומען מיט אַ נס: „זעקס טעג נאָכאַנאַנד איז דאָס יודישע חיל אַרומגעגאַנגען, איין מאָל אין טאָג, אַרום דער שטאַרקער פעסטונג פון יריחו. פאָראויס האָט מען געטראָגען דעם אָרון און די כּהנים האָבען געבלאָזען שופר. דעם זיעבעטען טאָג זיינען זיי זיעבען מאָל אַזוי אַרום־

געגאַנגען און דאָס לעצטע מאָל, בעת די כהנים האָבען געבלאָזען שופר, האָט דאָס גאַנצע פאָלק אויסגערופען אַ מעכטיגען נצחון־געשריי און די פעסטונג איז איינגעפאַלען". די יודען זײַנען גאָר אָהן מלחמה אין שטאָדט אַרײַן. דערפאַר אָבער איז די צווייטע שטאָדט עי איינגענומען געוואָרען נאָר מיט יהושע׳ס חכמה און געניטקײַט. די מרגלים, וואָס ער האָט געשיקט פריהער אין דער שטאָדט, האָבען איהם געזאָגט, אַז עס איז גענוג שיקען אַהין נאָר דרײַ טויזענד מאַן און ער האָט זיי געפאָלגט. נאָר די מענשען פון עי האָבען אָבגעטריבען דעם קליינעם חיל און אויסגע׳הרג׳ט פון זיי זעקס און דרײַסיג מענשען. דאַמאָלסט דאָט יהושע בעהאַלטען, ניט ווײַט פון שטאָדט, אַ טייל פון זײַן חיל און מיט׳ן איבעריגען איז ער אַליין אָנגעפאַלען אויף דער שטאָדט. די אײַנוואוינער פון עי זײַנען געווען שטאַרק בײַ זיך פון זייער פריהעריגען נצחון און זײַנען שטאָלץ אַרויסגעטראָטען קעגען איהם און יהושע האָט אָנגעהויבען אָבטרעטען. זיי האָבען ניט פערשטאַנען יהושע׳ס מיין און האָבען איהם נאָכגעיאָגט און, אַז זיי האָבען זיך שוין דערווײַטערט פון שטאָדט, זײַנען יהושע׳ס בעהאַלטענע גבורים אַרײַן אין שטאָדט און זי אונטערגעצונדען. די נאָכיאָגער האָבען בעמערקט דעם רויך און האָבען זיך מיט שרעק געלאָזען צוריק, אָבער דאָ האָט שוין יהושע זיי אָנגעהויבען נאָכיאָגען און פון שטאָדט איז זיי אַנטקעגען געקומען אויך דאָס בעהאַלטענע יודישע חיל און זיי זײַנען אַלע געפאַלען.

די צוויי גרויסע נצחונות האָבען אָנגעוואָרפען נאָך אַ גרעסערען פחד אויף די איבעריגע מלכים פון כנען און זיי האָבען זיך אָנגעהויבען פעראייניגען, כדי אַרויסטרעטען צוזאַמען קעגען יהושע׳ן. נאָר די מענשען פון דער שטאָדט גבעון און די שטעדט, וואָס אַרום איהר, האָבען געזעהן, אַז עס איז אומזיסט, ווײַל די יודען זײַנען שטאַרקער. זיי האָבען אַרויס־געשיקט צו יהושע׳ן שלוחים אין אַלטע צעריסענע שיך און קליידער און האָבען איהם געזאָגט, אַז זיי קומען פון ווײַט, נאָר אז צו זיי זײַנען שוין אויך אָנגעקומען די קלאַנגען וועגען דעם שטאַרקען פאָלק, וואָס איז אַרויס פון מצרים, און דעריבער זײַנען זיי געקומען מאַכען מיט איהם אַן אייביגען שלום. יהושע האָט זיי געגלויבט און האָט מיט זיי שלום געמאַכט. באלד האָט ער זיך אָבער דערוואוסט, אַז זיי האָבען איהם אָבגענאַרט און ער האָט זייערע שטעדט אײַנגענומען, נאָר די מענשען האָט ער ניט אָנגע־ריהרט און האָט זיי נאָר, ווי דער תנ"ך דערצעהלט, געמאַכט „פאַר האָלץ־העקער און וואַסער־טרעגער". אַז די מלכים, פון די פעראייניגטע מלוכות, האָבען דערהערט וועגען דעם שלום, וואָס די גבעונים האָבען געמאַכט מיט די יודען, האָבען זיי בעשלאָסען אַרויסטרעטען אין מלחמה קעגען

די גבעונים. צו דער מלחמה האָבען זיך פערייניגט פינף מלכים פון דרום-כנען. די גבעונים האָבען געשיקט צו יהושע'ן, ער זאָל זיי העלפען — און יהושע איז אומגעוואַרט אָנגעפאַלען אויף די פינף מלכים און האָט זיי צעטומעלט און צעיאָגט. אין תנ"ך ווערט דערצעהלט וועגען דעם וואונדער, וואָס האָט געהאָלפען די יודען ביי דעם נצחון: אויף יהושע'ס בעפעהל איז די זון געבליבען שטעהן און איז ניט פערגאַנגען, ביז דאָס יודישע חיל האָט געענדיגט נאָכיאָגען דעם פיינד, און אַ שרעקליכער האָגעל האָט צעשלאָגען די אַנטלאָפענע פון מלחמה. אַזוי איז דער גאַנצער דרום פון כנען אַריבער צו די יודען.

נאָך אַ פּאָר גלענצענדע נצחונות האָבען די יודען אָבגעהאַלטען איבער עטליכע כנעני'שע מלכים און כמעט דאָס גאַנצע לאַנד איז שוין געווען ביי זיי אין די הענד. דאַמאָלסט האָט יהושע גערופען די שבטים ראובן און גד און דעם האַלבען שבט מנשה און האָט זיי געזאָגט: „איהר האָט געהיט אייער וואָרט און ניט פערלאָזען אייערע ברידער, איצט זיינט איהר פריי און קענט זיך אומקעהרען אין אייער לאַנד צו אייערע פעלדער און הייזער". ער האָט זיי געבענשט פאַר זייער אָוועקגעהן און אָנגעזאָגט, זיי זאָלען היטען די תורה און מצוות, זיי זאָלען ליעב האָבען גאָט און זיך שטאַרק האַלטען ביי זייער גלויבען. און דאָס איינגענומענע לאַנד האָט ער צעטיילט צווישען די ניין מיט אַ האַלבען שבטים. (די שבטים אפרים, בנימין און גד האָבען בעקומען דעם מיטעלסטען טייל פון לאַנד, יהודה און שמעון האָבען זיך בעזעצט אין דעם דרום-טייל און די פיער שבטים אָשר, נפתלי, יששכר און זבולון האָבען געקריגען דעם צפון-טייל. דער שבט לוי האָט בעקומען אַכט און פערציג שטעדט צווישען די איבעריגע שבטים, ווייל פון זיי זיינען געווען די כהנים און לעהרער פון פאָלק, וואָס האָבען שטענדיג געראַרפט זיין צווישען דעם גאַנצען פאָלק).

## ג. יהושע'ס לעצטע טעג.

נאָך דעם צעטיילען דאָס לאַנד האָט זיך יהושע בעזעצט מיט דעם שבט אפרים, פון וואַנען ער האָט אַליין געשטאַמט, און אין איינער פון אפרים'ס שטעדט, אין שילה, האָט ער אויך אויפגעשטעלט דעם משכן און אַהין פלעגען אַלע יודען, פון גאַנץ כנען, געהן אויפברייגגען קרבנות. אַז יהושע איז אַלט געוואָרען און האָט דערפיהלט, אַז ער וועט שוין גיך שטאַרבען, האָט ער אויך אַזוי, ווי משה, צונויפגערופען דאָס גאַנצע פאָלק. ער האָט לאַנג מיט זיי גערעדט וועגען דעם, ווי אַזוי גאָט האָט געפיהרט מיט זיי און מיט זייערע עלטערען, פון די אָבות אָן ביז דעם טאָג, און

האָט זיי בעשוואָרען זיי זאָלען בלייבען מריי זייער גלויבען און ניט צונויפ־מישען זיך מיט די געצענדינער. אז דאָס פאָלק האָט געענטפערט: „מיר וועלען דיענען אונזער גאָט און איהם קיינמאָל נישט פערלאָזען“, האָט ער עס אין א בוך פערשריבען און, לויט דעם מנהג פון יענער צייט, האָט ער, אלס עדות און זכר אויף זייער שבועה, אויפגעשטעלט א שטיינערנע מצבה. אין גיכען נאָך דעם איז ער געשטאָרבען, הונדערט און צעהן יאָהר אלט.



ד.

# שופטים.

דאָס לעֶבען אין כנען די עֶרשטע צייַט. —גדעון און אבימלך. —דבורה הנביאה. —יפתח. —שמשון הגבור. —עלי הכהן. —שמואל הנביא.

## א. דאָס לעֶבען אין כנען די עֶרשטע צייַט.

יהושע האָט פאַר זיַין טויט קיינעֶם ניט בעֶשטימט פאַר אַ פיהרעֶר אויף זייַן אָרט. ער האָט נאָר די עֶלטסטע (זקנים) איבעֶרגעגעֶבען די תורה, וואָס ער האָט איבעֶרגענומען פון משה׳ן און זיי האָבען זי אַליין בעֶדאַרפט היטען און זעהן, דאָס גאַנצע פאָלק זאָל ניט פעֶרגעֶסען איהרע געזעֶצען. דאָס פאָלק האָט זיך אַליין אויך קיין פיהרעֶר ניט געֶמאַכט. זיי האָבען גערעֶכענט שוין אויפהעֶרען מלחמה צו האַלטען. יעֶדער שבט האָט זיך בעֶזונדער פעֶרנומען מיט׳ן איַינאָרדנען זיך אויף זייעֶרע נייַע עֶרטער. דער צוזאַמעֶנבונד צווישען די שבטים איז צעֶריסען געֶוואָרען. יעֶדער שבט האָט געזוכט שלום צו מאַכען מיט די פעֶלקער, וואָס אַרום איהם, כדי אויסצומייַדען די מלחמה. קיין גוטס איז דעֶרפון ניט אַרויסגעֶקומען. דאָס פאָלק האָט גיך איבערגעֶנומען אַלע מנהגים פון די געֶצענדיענעֶר און אין אַ קורצעֶר צייַט אַרום האָט מען שוין, כמעט איבעֶר׳ן גאַנצען לאַנד, געקעֶנט געפינעֶן די אָרטיגע אָבגעֶטער, וואָס דאָס פאָלק האָט שוין אויך אָנגעהויבען פערגעֶטערען. נאָר ביַי די בעֶסטע מעֶנשען פון פאָלק האָבען ניט אויפגעהעֶרט צו לעֶבען די הייליגע געֶדאַנקען, וואָס זיי האָבען איבעֶרגענומען פון משה׳ן און יהושע׳ן. זיי האָבען אָפט געוועֶקט אין זייעֶרע ברידעֶר דעם איַינגעדרימעֶלטען ריינעֶם גלויבען און האָבען זיי אָבגעֶהאַלטען פון אויסמישען זיך איינגאַנצען מיט די געֶצענדיענעֶר.

די שבט׳ישע פעלקער האָבען אָבער גאָר ניט ערנסט געמיינט דעם שלום. צו גרויס איז געוועזן זייער שנאה צו דעם פאָלק, וואָס האָט זיך מיט שווערד אַריינגעריסען אין זייער לאַנד. זיי האָבען אויסגענוצט דאָס אָבגעזונדערקייט פון די שבטים און האָבען ערטערווייז אָנגעהויבען אָנ-פאַלען אויף בעזונדערע נאָהענטע שבטים, איינגענעמען זייערע שטעדט און דריקען די איינוואוינער. אין אַזאַ שלעכטער צייט פלעג זיך אין די שבטים, וואָס האָבען געליטען, געפינען אַ גבור, וועלכער פלעג צונויפקלייבען אַ חיל און פערטרייבען דעם פיינד. די גבורים האָט מען אָנגערופען שופטים (ריכטער). קיין קסרים זיינען אָבער די שופטים נאָך זייערע נצחונות ניט געוואָרען. אַ שופט האָט געקענט הערשען איבער איין שבט, אָדער אפילו עטליכע שבטים, אָבער ניט איבער׳ן גאַנצען פאָלק. אָפט-מאָל פלעגען די שופטים אויך פערשטאַרקען דעם גלויבען אין איינציגען גאָט און אויס-ראָטען אויף אַ צייט די אָבגעטער.

אַזוי ווערט דערצעהלט וועגען איין שופט גדעון, אַז איידער ער האָט גע-נומען דעם שווערד אין האַנד צו העלפען זיינע ברידער און פערטרייבען זייער פיינד, האָט ער פון זיי אַליין פריהער געוואָלט אויסראָטען דאָס געצענדיענסט. איינמאָל ביינאַכט האָט ער מיט זיינע קנעכט צעבראָ-כען דעם מזבח פון דעם אָבגאָט בעל, וואָס איז געשטאַנען ביי זיין פאָטער. אַז די איינוואוינער פון שטאָדט האָבען עס אין דערפריה בעמערקט, האָבען זיי אָנגעהויבען פאָדערען ביי גדעון׳ס פאָטער, יואָש, ער זאָל זיי אַרויסגעבען זיין זוהן, צו טויטען איהם. נאָר ער האָט זיי געענטפערט: „ניט איהר דאַרפט זיך איינשטעלען פאַר׳ן בעל און ניט איהר דאַרפט איהם העלפען; אויב ער איז אַ גאָט, זאָל ער אַליין פאַר זיך בעשטראָפען".

## ב. גדעון און אבימלך.

גדעון איז געוועזן אַ ערד-אַרבייטער פון שבט מנשה. אין זיין צייט האָט דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבען צוגעוואוינען צו ערד-אַר-בייט, זעהר געליטען פון די מדינים און עמלקים. די וואַנדערענדע פעל-קער פלעגען אָפט אָנפאַלען „ווי די היישעריקען" אויף זייערע פעלדער, מאַכען אַ תל פון די תבואות און ניט איבערלאָזען „קיין שאָף און קיין רינד". גדעון האָט צעשיקט שלוחים אין די אַרומיגע שבטים און האָט זיי גערופען צו מלחמה אויף די מדינים. גיך האָט זיך צו איהם צונויפגע-קליבען אַ חיל פון פיעל טויזענטער מענשען, אָבער גדעון האָט זיך פון זיי אָבגעקליבען נאָר דריי הונדערט גבורים און האָט זיי געגעבען שופרות און ברענענדיגע פאַקעלען, איבערגעדעקטע מיט ליידיגע קרוגען. ביינאַכט

זײַנען די גבורים שטיל צוגעגאַנגען פֿון דרײַ זײַטען צו דער מחנה פֿון די מדינים און האָבען פּלוצים אָבגעדעקט די פֿאַקעלען, צעבראָכען די קרוגען און אָנגעהויבען בלאָזען אין די שופרות און שרײַען: „אַ שווערד פֿאַר גאָט און פֿאַר גדעון׳ען״ (חרב לה׳ ולגדעון). די מדינים זײַנען צעטומעלט געוואָרען פֿון די קולות און דעם פֿײַער און זײַנען זיך צעלאָפֿען. דאַמאָלסט זײַנען צו גדעון׳ען צוגעשטאַנען נאָך אַנדערע שבטים און האָבען איהם געהאָלפֿען נאָכיאָגען און פֿערטרײַבען די מדינים. נאָך דעם גרויסען נצחון, וואָס גדעון האָט אָבגעהאַלטען אויף דעם שרעקליכען שונא, האָט דאָס פֿאָלק איהם געוואָלט מאַכען פֿאַר אַ קעניג, נאָר גדעון האָט זײ געענטפֿערט: „ניט איך און ניט מײַן זוהן וועט איבער אײַך הערשען, גאָט הערשט איבער אײַך!״

נאָך גדעון׳ס טויט אָבער האָט אײנער פֿון זײַנע זיהן, אַבימלך, געוואָלט ווערען אַ קעניג. ער האָט זיך צונויפֿגערעדט מיט די מענשען פֿון דער שטאָדט שכם, וואו זײַן מוטער איז געזעסען, און זײ האָבען איהם געהאָלפֿען. גדעון האָט געהאַט אַ סך זיהן און אַבימלך האָט מורא געהאַט זײ זאָלען איהם ניט שטערען, איז ער מיט זײַנע לײַט אויף זײ אָנגעפֿאַלען און זײ אויסגעהרג׳עט, נאָר דער יונגסטער ברודער, יותם, האָט זיך באַהאַלטען און איז לעבען געבליבען. יותם האָט זיך דערוואוסט, אַז די אײַנוואוינער פֿון שכם האָבען שוין אויפֿגענומען אַבימלכ׳ן פֿאַר אַ קעניג, האָט ער זיך געשטעלט אויף אַ באַרג און האָט צו זײ געזאָגט: „הערט מיך אויס, מענשען פֿון שכם, וועט אײַך גאָט אויך הערען! די בײמער זײַנען געגאַנגען זאַלבען זיך אַ קעניג און זײ האָבען געזאָגט צו׳ם אײלבוים: הערש איבער אונז! האָט זײ דער אײלבוים געענטפֿערט: זאָל איך דען אויפֿהערען געבען מײַן פֿעטקײט און געהן וואָגלען צווישען די בײמער? האָבען זיך די בײמער געווענדעט צו׳ם פֿײַגענבוים: קעניג דו איבער אונז! און דער פֿײַגענבוים האָט זײ געזאָגט: זאָל איך דען אויפֿהערען געבען מײַן זיסקײט און זאַפֿטיגע פּרוכט און געהן וואָגלען צווישען אײַך? האָבען געזאָגט די בײמער צו׳ם ווײַנשטאָק: זײַ דו אַ האַר איבער אונז! דער ווײַנשטאָק האָט זײ געענטפֿערט: זאָל איך דען אויפֿהערען געבען מײַן ווײַן, וואָס דערפֿרעהט גאָט און לײַט און געהן וואָגלען צווישען די בײמער? האָבען אַלע בײמער געזאָגט צו׳ם דאָרן: געה שוין דו קעניגען איבער אונז! און דער דאָרן האָט זײ געזאָגט: אויב איהר זאַלבט מיך פֿאַר אַ קעניג איבער אײַך — קומט שיצט זיך אין מײַן שאָטען, נאָר אויב ניט — וועט אַרויס אַ פֿײַער פֿונ׳ם דאָרן און פֿערברענען די צעדערען פֿון לבנון״.

מיט דעם משל האָט יותם געוואָלט אָנווײַזען אויף אַבימלכ׳ס נידעריגקײַט, וואָס ער האָט מיט בלוט־פֿערגיסונג אָנגענומען די מלוכה נאָך

דעם, ווי דער אָרעֶנטליכער גדעון מיט זײַנע זיהן דאָבּען זיך אָבּגעזאָגט. ער האָט צוגעגלײַכט אַבימלכ'ן צו'ם דאָרן און האָט איהם מיט זײַנע אָנ־הײנגער פּאָראויסגעזאָגט אַ שלעכטען סוף. יותמ'ס ווערטער זײַנען גיך מקוים געוואָרען; פונ'ם „דאָרן" (אבימלך) איז טאַקי אַרויס אַ פײַער. די אײַנוואוינער פון שכם האָבּען אין גיכען חרטה געהאַט, וואָס זיי דאָבּען געמאַכט אַבימלכ'ן פאַר אַ קעניג. דאַמאָלסט איז אַבימלך מיט זײַן חיל אָנגעפאַלען אויף דער שטאָדט און אויסגעהרג'עט אַלע אײַנוואוינער. בײַ טויזענד מענשען האָבּען זיך בּעהאַלטען אין אַ טורם און אַבימלך האָט צו זיי ניט געקאָנט צוקומען, האָט ער געהייסען דעם טורם אַרומלייגען מיט צווײַגען און אונטערצינדען און זיי זיינען אַלע פערברענט געוואָרען. נאָר אין דער קריעג איז אויך אַבימלך געטויט געוואָרען און דער איינציגער פּרוב פון אַ שופט צו ווערען אַ קעניג האָט זיך ניט אײַנגעגעבען.

## ג. דבורה הנביאה.

פון די שופטים, וועגען וועלכע עס ווערט דערצעהלט אין תנ"ך, האָט זיך אויסגעצייכענט איין פרוי, דבורה הנביאה. אונטער אַ פּאַלמען־בּוים אויפ'ן בּאַרג אפרים איז דבורה געזעסען און אַהין פלעגט מען צו איהר קומען משפט'ן זיך און איהרע קלוגע רייד הערען. זי האָט אויך געבּראַכט אַ גרויסע ישועה דעם פאָלק, וואָס האָט אין יענער צײַט געלי־טען פונ'ם שטאַרקען כּנענ'ישען קעניג יבין. נײַן הונדערט אײַזערנע רײַט־וועגען זײַנען בײַ דעם קעניג געווען, ער האָט אויך געהאַט אַ געניטען קריעגס־פיהרער סיסרא, דעריבּער האָבּען איהם די יודען ניט געקאָנט בײַ־קומען, און ער האָט זיי אַ לאַנגע צײַט שטאַרק געדריקט.

דבורה האָט גערופען איין העלד ברק, פון שבט נפתלי, און אין גאָטס נאָמען האָט זי איהם געהייסען צונויפקלײַבּען אַ חיל פון די שבטים זבולון און נפתלי (די שבטים, וואָס האָבּען בּעזונדערס געליטען פון יבינ'ען) און אַרויסטרעטען קעגען סיסרא'ן. ברק האָט ניט געוואָלט געהן, סײַדען דבורה וועט אויך מיטגעהן און אַז זי האָט מסכים געווען, האָט ער געטון, ווי זי האָט איהם געהייסען. דבורה האָט צוגעצויגען צו דער מלחמה נאָך איינזיגע שבטים און איז אַליין אויך געגאַנגען מיט זיי. אַז סיסרא האָט דאָס דערהערט, האָט ער צונויפגעקליבּען זײַן גאַנץ חיל מיט אַלע זײַנע רײַטוועגען און איז געקומען צו'ם טײַך קישון, וואו עס איז פאָרגעקומען די מלחמה. צו סיסרא'ן זײַנען דאָ צוגעשטאַנען נאָך איניגע כנענ'ישע שטעדט; נאָר ברק מיט זײַן חיל, געשטאַרקט פון דבורה'ן, האָבּען אײַנגע־נומען סיסרא'ן און זײַן גאַנצען חיל צעשלאָגען, אַזוי אַז סיסרא אַליין האָט

געמוזט צופוס אנטלויפען. אָבער לעבען איז סיסראָ דאָך ניט געבליבען, א מיעדער איז ער געקומען צולויפען צו׳ם געצעלט פון א קינישער פרוי יעל, וואו ער האָט געוואָלט אָברוהען. יעל האָט איהם לפנים ליעב־ ליך בעגעגענט. ער האָט ביי איהר געבעטען וואסער און זי האָט איהם געגעבען מילך און האָט איהם בערוהיגט. נאָר ווען ער איז שוין אנטשלאָ־ פען געוואָרען, האָט זי מיט א האמער איהם אריינגעזעצט א פלעקעל אין שארבען און האָט איהם געטויט.

אין תנ״ך איז געבליבען פון דאמאָלסט אַנ׳אויסגעצייכענטער שיר (שירת דבורה), וואָס דבורה האָט געזונגען נאָך דעם נצחון. אין אָנהויב פון דעם שיר ווערט פאָרגעשטעלט דאָס דערשלאָגענקייט פון דעם פאָלק ישראל אין יענער צייט: „אין די צייטען פון שמגר דעם זוהן פון ענת, אין די צייטען פון יעל זיינען די ברייטע וועגען פערלאָזען געוואָרען און וועג־געהער זיינען איבער פערקרומטע שטעגען געגאנגען. פיהרער האָבען אויפגעהערט זיין אין ישראל, ביז איך האָב זיך דערהויבען, דבורה, ביז איך האָב זיך דערהויבען, א מוטער אין ישראל״. ווייטער ווערט בעזונגען דאָס העלדישקייט פון די שבטים, וואָס זיינען געגאנגען אין מלחמה, און דער נצחון: „עס זיינען געקומען מלכים און האָבען מלחמה געהאלטען, דאמאָלסט האָבען געקריעגט די מלכים פון כנען, אָבער קיין זילבער־רויב האָבען זיי דאָך ניט גענומען. עס האָט עמיץ פון הימעל מיט זיי געשטריטען, עס האָבען די שטערען פון זייער גאנג מיט סיסראָ׳ן מלחמה געהאלטען... געבענשט זאָל זיין יעל צווישען די פרויען, גע־ בענשט זאָל זי זיין צווישען די פרויען, וואָס זיצען אין געצעלט. ער האָט וואסער געבעטען, האָט זי מילך געגעבען, מיט איהר לינקער האנד האָט זי דאָס פלעקעל גענומען און מיט דער רעכטער — אַנ׳ארבייטער־האמער און זי האָט דערשלאָגען סיסראָ׳ן, זי האָט צעריבען זיין קאָפּ און צו איהרע פיס איז ער טויט געפאלען. דורכ׳ן פענסטער קוקט און קלאָגט זיך סיסראָ׳ס מוטער: פאר־וואָס זאמט אזוי זיין רייטוואָגען, פאר־וואָס פערשפעטיגען זיינע פוהרען? איהרע קליגסטע פריינדינס ענטפערען איהר און זי אליין ענטפערט זיך אויך: זיי האָבען דאָך געווים געפינען און זיי טיילען איצט דאָס רויב: רויב פון פרויען און פון טייערסטע געוואנטען. אזוי זאָלען פערלאָרען ווערען אלע דיינע פיינד, גאָט, און די וואָס ליעבען דיך זאָלען שיינען, ווי דער זונען־אויפגאנג״.

## ד. יפתח.

וועגען איין שופט, יפתח, ווערט דערצעהלט אין תנ״ך א שרעקליכע און טרויעריגע געשיכטע. די עמונים, צו וועלכע עס האָט אמאָל געהערט

דאָס גאַנצע לאַנד פון מזרח־זייט ירדן, האָבען געוואָלט אָבנעמען דעם פּלאַץ בּיי די שבטים, וואָס האָבּען זיך בּעזעצט אין גלעד, און פּלעגען אָפּט אָנפאַלען אויף זיי. וואָס שטאַרקער די עמונים זיינען געוואָרען, אַלץ מעהר האָבּען זיי געדריקט יענע שבטים. שווער איז געוואָרען די איינוואוינער פון גלעד צו ליידען דעם דרוק פון די עמונים און זיי האָבּען זיך געווענדעט צו יפתח׳ן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין העלדישקייט, ער זאָל ווערען זייער פיהרער און מלחמה האַלטען מיט דעם שטאַרקען פיינד.

יפתח האָט בּאַלד געשיקט שלוחים צו׳ם קעניג פון די עמונים, דורך וועלכע ער האָט איהם געזאָגט, אַז בּעת דאָס פאָלק ישראל איז געגאַנגען פון מצרים האָבען זיי דאָס לאַנד פון די עמונים ניט אָנגערירט און אין גלעד האָבּען זיי גאָר געטראָפען די אמורים, וואָס האָבען זיי בּעגעגענט מיט מלחמה, נאָר די יודען האָבען זיי בּייגעקומען און זייערע שטעדט פערנומען. דער קעניג פון די עמונים האָט אַלץ אָבער ניט אויפגעהערט צו פאָדערען דאָס לאַנד און יפתח איז געצוואונגען געווען אַרויסטרעטען קעגען איהם מיט מלחמה.

איידער יפתח האָט אָנגעהויבּען די שווערע מלחמה, האָט ער אַ נדר געגעבּען צו גאָט און האָט געזאָגט: „אויב דו וועסט איבּערגעבּען די עמונים אין מיינע הענד, איז דער ערשטער, וואָס וועט אַרויסגעהן פון מיין שטוב צו בּעגעגענען מיך, ווען איך וועל זיך אומקעהרען, וועט געהערען צו גאָט און איך וועל איהם אויפבּריינגען פאַר אַ קרבּן". יפתח האָט איינגענומען אין מלחמה און האָט די עמונים פערטריבּען פון אַלע שטעדט, וואו זיי האָבּען זיך בּעפעסטיגט. אַז די ידיעה איז אָנגעקומען צו די איינוואוינער פון גלעד, זיינען זיי מיט פרייד אַרויסגעגאַנגען בּעגעגענען יפתח׳ן און פריהער פון אַלעמען איז געגאַנגען זיין איינציגע טאָכטער, טאַנצענדיג, מיט אַ פּויק אין האַנד. פערציטערט איז יפתח געוואָרען, אַז ער האָט זי דערזעהן, ער האָט צעריסען זיינע קליידער און האָט אויסגעשריגען: „אָ, טאָכטער מיינע, דו האָסט מיך דערשלאָגען!" ער האָט איהר דערצעהלט וועגען דעם נדר, וואָס ער האָט געגעבּען און זי האָט איהם געענטפערט: „טו מיט מיר, ווי דו האָסט געזאָגט, ווי בּאַלד גאָט האָט דיר געגעבּען דעם נצחון אויף דעם פיינד, נאָר פריהער לאָז מיך צוויי חדשים געהן מיט מיינע חבר׳טעס אין די בּערג צו געזעגענען זיך מיט מיין יונגען לעבּען". יפתח האָט ערפילט איהר פערלאַנג און אַז זי האָט זיך אומגעקעהרט האָט ער מקים געווען זיין נדר... פון דאַמאָלסט איז בּיי

די טעֶכטער פון ישראל אַ מנהג געוואָרען געהן פיער טעג אין יאָהר אין די בע״ג בעֶוויינען יפתח׳ס טאָכטער.

צוויי חדשים אין בערג פון לאַנד גלעד
האָט זיין טאָכטער איהר יוגענד בעוויינט;
איהרע חבר׳טעֶס האָבען מיט בלומען
איהר פאַרצייטיגען קבר בעקרוינט.

און פון איין יאָהר צו׳ם אַנדערען געהען
גלעד׳ס טעכטער אין בערג זי בעקלאָגען.
און פיער טעג נאָכאַנאַנד, אָהן אַנ׳אויפהערער
הערט מען ס׳וויינען צו׳ם הימעל זיך טראָגען.

(ע. עלליו).

## ה. שמשון הגבור.

אין תנ״ך ווערט נאָך פיעל דערצעהלט וועגען איין שופט שמשון הגבור, פון שבט דן, וואָס האָט איינער-אַליין מיט אַ וואונדערליכער גבורה זיך נוקם געוועֶן אין זיינע פאָלקס-פיינד, די פלשתים. שמשון איז, נאָך פון געבוירען אָן, בעשטימט געוועֶן צו העֶלפען זיינע ברידער. עס ווערט דערצעהלט, אַז אַ מלאך פון גאָט האָט זיך בעוויזען צו זיין מוטער און האָט איהר אָנגעזאָגט, אַז איהר זוהן, וואָס זי וועט געבוירען, וועט זיין אַ נזיר צו גאָט: ער זאָל קיין וויין ניט טרינקען און מען זאָל זיינע האָר ניט שערען. די עלטערען האָבען אַזוי געטון און שמשון איז אויסגעוואַקסען אַ גרויסער גבור, שטאַרקער ניט נאָר פון געוועהנליכע מענשען, נאָר אַפילו פון די ווילדע חיות. איינמאָל האָט ער מיט די הענד צעריסען אַ יונגען לייב, וואָס איז אויף איהם אָנגעפאַלען אין וועג.

וועגען זיינע נקמות אין די פלשתים ווערט דערצעהלט, אַז נאָך זיין ערשטער קריעג מיט זיי האָט ער געחאַפּט דריי הונדערט פיקסען און האָט זיי צונויפגעבונדען צו צוויי פאַר זייערע עקען, אין די עקען האָט ער אַריינגעשטעקט ברענענדיגע פאַקעלען און האָט זיי אָבגעלאָזען. די פיקסען זיינען זיך צעלאָפען אין די גערטנער און פעלדער פון די פלשתים און האָבען אונטערגעצונדען און פערברענט זייערע תבואות און ביימער. דאַמאָלסט האָבען זיך די פלשתים צונויפגעקליבען און זיינען אָנגעפאַלען אויף דעם שבט יהודה, וואו שמשון האָט זיך בעזעצט. די מענשען פון יהודה האָבען מורא געהאַט פאַר די פלשתים, דעריבער האָבען זיי געבונדען שמשונ׳ען און איהם אַרויסגעגעבען זיי. נאָר ווי ער איז צוגע-קומען נאָהענט צו די פלשתים, האָט ער צעריסען די שטריק, און מיט אַ

ביין פון אַ טויטען אייזעל, וואָס ער האָט דאָרט געפֿינען, האָט ער אויב־גע'הרג'עט פיעל פון זיי.

צוואַנציג יאָהר איז שמשון געווען אַ שופט און פאַר דער צייט האָט ער זיך פיעל מאָל אַזוי נוקם געווען אין די פלשתים. אָבער צו'ם סוף איז ער אַריינגעפאַלען אין זייערע הענד. זיי האָבען אונטערגעקויפט אַ פרוי, דלילה, וואָס שמשון האָט ליעב געהאַט, זי זאָל ביי איהם אויספרע־גען פון וואַנען נעמט זיך זיין גבורה. שמשון האָט איהר דערצעהלט, אַז ער איז אַ נזיר און האָט קיינמאָל זיינע האָר ניט געשאָרען און אויב מען זאָל זיי אָבשערען וועט ער פערלירען זיין גבורה און וועט ווערען ווי אַלע מענשען. דאַכאָלסט האָט דלילה בעהאַלטען ביי זיך אין הויז פלשתים, האָט שמשונ'ען פערשלעפערט און אָבגעשאָרען זיינע האָר, און האָט אַ געשריי געטון: „פלשתים געהען אויף דיר, שמשון!" (פלשתים עליך שמשון). שמשון האָט זיך אויפגעכאַפט און האָט דערפיהלט, אַז ער איז אָבגעשוואַכט געוואָרען. אַז די פלשתים האָבען דאָס דערזעהן, האָבען זיי איהם געכאַפט און אויסגעשטאָכען זיינע אויגען, זיי האָבען איהם פער־שמידעט אין קייטען און אַריינגעזעצט אין תפיסה, און געצווינגען דאָרט צו טון די שווערסטע אַרבייט.

אָבער שמשונ'ען איז בעשערט געווען נאָך איין מאָל נוקם צו זיין זיך אין זיינע פיינד; דאָס איז געווען אויף אַ גרויסער שמחה, ווען די פלשתים האָבען זיך צונויפגעקליבען דאַנקען זייער גאָט, דגון, דערפאַר, וואָס „ער האָט איבערגעגעבען אין זייערע הענד זייער פיינד, וואָס האָט פערוואָרימט זייער לאַנד און פיעל פון זיי געטויט". אויף דער שמחה האָ־בען זיך צונויפגעקליבען טויזענטער האַרען פון די פלשתים, און זיי האָבען אַהין געבראַכט אויך דעם בלינדען שמשון, ער זאָל זיי פרעהליך מאַכען. דער יודישער העלד האָט עס שוין ניט געקענט פערטראָגען און האָט געבעטען ביי גאָט: „דערמאָן מיך און שטאַרק מיך נאָר דאָס מאָל, איך זאָל זיך קענען נוקם זיין פאַר מיינע ביידע אויגען!" ער האָט אָנגעטאַפּט די צוויי זיילען, אויף וועלכע עס האָט זיך געהאַלטען דאָס הויז, און אויס־רופענדיג: „זאָל איך שטאַרבען מיט די פלשתים!" (תמות נפשי עם פלשתים), האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויף די זיילען מיט זיין גאַנצען כח — און דאָס גאַנצע געביי איז איינגעפאַלען און געטויט אַלע פלשתים, וואָס האָבען זיך דאָרט געפֿינען, און איהם אַליין אויך מיט זיי.

## ו. עלי הכהן.

די יודען האָבען אָנגעהויבען בעמערקען, אַז די גבורה פון די שופטים, וואָס קומען צו הילף אין אַ שלעכטער צייט נאָר דעם שבט, פון וועלכען

זיי שטאַמען, ברײנגט זעהר קלײנע נוצען, ווײַל נאָך זייער טויט הויבען ווידער אָן, די אַרויסגעיאָגטע פײַנד, אָנפאַלען און דריקען דאָס פאָלק. שמשון הגבור האָט זיך שטאַרק נוקם געוועזן אין די פלשתים פאַר זײַנע אונטערדריקטע ברידער, דאָך האָט ער מיט דעם קיין גרויסע ישועה ניט געבראַכט. נאָך זײַן טויט האָבען די פלשתים ווידער אָנגעהויבען דריקען די נאָהענסטע שבטים, און דער שבט דן איז איבער דעם גענויט געווען פערלאָזען זײַן לאַנד און געהן זוכען אַנ׳אַנדערען רוהיגערען אָרט צו בזעצען זיך.

דאָס פאָלק האָט אויך אָנגעהויבען פערשטעהן, אַז נאָר דאָס אָבגעזונדערטקייט פון די שבטים מאַכט זיי אַזוי שוואַך. און אין די צײַטען פון עלי דעם כהן אין שילה האָבען זיי זיך אָנגעהויבען פעראייניגען. אָפטער און מעהר האָט מען פונ׳ם גאַנצען לאַנד אָנגעהויבען קומען צו׳ם משכן אין שילה, און דאָרט האָט עלי, מיט זײַנע גוטע און ווייכע רייד, פערשטאַרקט צווישען זיי דעם צוזאַמענבונד, און דעם רײנעם גלויבען אינ׳ם אײנציגען גאָט. אָבער קײַן גבור איז עלי ניט געווען און האָט נישט געקענט פיהרען די יודישע העלדען אין מלחמה. דאָס האָט אָבגעשוואַכט דאָס יודישע חיל, און זיי האָבען אָנגעהויבען זוכען מיטלען, ווי אַרום צו הויבען זייער מוט. איינמאָל, בעת אַ גרויסער און שווערער מלחמה מיט די פלשתים, ווען זיי האָבען דערזעהן, אַז דער פײַנד שטאַרקט זיך איבער זיי און האָט שוין פיעל פון זיי געטויט, האָבען זיי בעשלאָסען ברײנגען פון שילה דעם הייליגען אָרון מיט די די לוחות. אַז די פלשתים האָבען דערהערט דעם מעכטיגען געשריי, מיט וועלכען די יודען האָבען בעגעגענט דעם אָרון, האָבען זיי זיך דערשראָקען און אָנגעהויבען שטאַרקען איינער דעם צווייטען, זאָגענדיג: „מיר מוזען זיך שטאַרקען דאָס מאָל און ניט אונטערגעבען זיך, ווײַל אויב ניט, וועלען מיר ווערען קנעכט און דאַרפען דיענען די, וואָס זײַנען ביז איצט אונזערע קנעכט געווען און האָבען אונז געדיענט“. מוטיג זײַנען זיי אָנגעפאַלען אויפ׳ן יודישען חיל און האָבען איהם צעשלאָגען און צעיאָגט. זיי האָבען אויך געטויט עלי׳ס צוויי זיהן און צוגענומען דעם אָרון.

עלי איז שוין דאַמאָלסט געווען אַלט, שוואַך און בלינד און האָט ניט געקענט מיטגעהן מיט׳ן יודישען חיל. ער איז דעריבער געבליבען זיצען בײַ׳ם וועג, וואָס פיהרט צו׳ם אָרט פון דער מלחמה, און האָט געוואַ־ט אויף בשורות פון דאָרט. איין אַנטלאָפענער פון מלחמה איז געקומען קײַן שילה און האָט געבראַכט די טרויעריגע בשורה. אַז עלי האָט דערהערט דעם יאָמערליכען געוויין פון די שטאָדט=אײַנוואוינער, האָט ער זיך אָנגעהויבען נאָכפרעגען, וואָס איז געשעהן. דאַמאָלסט האָט דער אַנטלאָפענער איהם אויך דערצעהלט, אַז די יודען זײַנען זיך צעלאָפען

און די פּלשתּים האָבּען געטויט זייַנע צוויי זיהן און צוגענומען דעם אָרון. ווי דער מענש האָט נאָר דערמאָנט דעם אָרון, איז עלי פאַר שרעק אַראָבּגעפאַלען פון זיין שטול און איז באַלד געשטאָרבּען.

## ז. שמואל הנביא.

עלענד און ווי פערי׳תום׳ט איז דאָס יודישע פאָלק געוואָרען נאָך עלי׳ס טויט. עס איז ניט געווען ווער ס׳זאָל זיך שטעלען קעגען די פּלשתּים און זיי זיינען זיך פריי געגאַנגען איבּער׳ן לאַנד און אַלץ פערוויסט אויף זייער וועג. געקומען זיינען זיי אויך קיין שילה און חרוב געמאַכט די שטאָדט און דעם משכּן, וואָס איז דאָרט געווען. דער דרוק פון די פּלשתּים אויף די יודען איז געוואָרען אונערטרעגליך. אָבּער לאַנג האָט די שלעכטע צייט ניט געדויערט. דער תּנ״ך דערצעהלט, אַז די פּלשתּים האָבּען אין גיכען אומגעקערט צוריק דעם אָרון, וואָס זיי האָבּען צוגענומען, בּעת דער לעצטער מלחמה, ווייל זינט זיי האָבּען איהם געבּראַכט צו זיך, האָבּען זיך בּיי זיי אָנגעהויבּען גרויסע אומגליקען און זיי האָבּען דאָס אָנגענומען פאַר גאָטס שטראָף, איבּער דעם אָרון. אַ פיהרער האָט זיך אויך באַלד געפינען; דאָס איז געווען דער געטליכער נביא, שמואל, וואָס איז געשעצט און בּעליעבּט געוואָרען בּיי אַלעמען פאַר זיין אָרענטליכקייט און איבּערגעגעבּענקייט דעם אמת און זיין אייגען פאָלק.

שמואל איז געוואַקסען בּיי עלי׳ן אין גאָטס הויז אין שילה, וואוהין זיין מוטער, חנה, האָט איהם נאָך קינדווייז געבּראַכט, כּדי ער זאָל בּעדיענען אין משכּן, ווייל אַזוי האָט זי צו גאָט אַ נדר געטון. געפינענדיג זיך שטענדיג בּיי׳ם משכּן, וואוהין מען פלעגט, שוין אין יענער צייט, אויפגעהן פונ׳ם גאַנצען לאַנד, האָט זיך שמואל גוט בּעקענט מיט דעם לעבּען פון זיין פאָלק. דאָ האָט ער אויך בּעמערקט, אַז די כּהנים, עלי׳ס זיהן, וואָס האָבּען געדאַרפט לערנען און פיהרען דאָס פאָלק אין גוטען וועג, זיינען אַליין זעהר פערדאָרבּען און בּעגעהן זיך גראָבּ מיט די, וואָס קומען צו׳ם משכּן. דאַמאָלסט האָט שמואל אָנגעהויבּען טראַכטען, אַז ניט די פערדאָרבּענע כּהנים, נאָר אַנדערע איידעלערע מענשען, אויסדערוועהלטע פון גאָט, דאַרפען זיין די פאָלקס־פיהרער און אין גיכען האָט ער דערפיהלט, אַז ער אַליין איז בּעשטימט צו העלפען און שטאַרקען זיינע בּרידער. דער תּנ״ך דערצעהלט וועגען דעם, אַז איינמאָל אין אָוועגד, ווען שמואל איז געלעגען אין משכּן, ניט ווייט פונ׳ם אָרון, האָט ער דערהערט אַ שטימע וואָס רופט: „שמואל, שמואל!״ ער האָט געמיינט, אַז דאָס רופט איהם

עלי, איז ער צוגעלאָפּען צו איהם. אָבער עלי האָט איהם געזאָגט: „איך האָב דיך ניט גערופען, געה לייג זיך". נאָר ווי שמואל האָט זיך געלייגט אויף זיין אָרט, האָט ער ווידער דערהערט די שטימע און ער איז נאָך אַ מאָל געקומען צו עלי'ן און עלי האָט איהם אויך דאָס מאָל אָבגעשיקט. ווען ער איז אָבער דאָס דריטע מאָל געקומען צו איהם, האָט ד׳ר אַלטער עלי שוין פערשטאַנען, אַז דאָס רופט גאָט שמואל'ן און ער האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז אויב ער וועט נאָך אַ מאָל דערהערען דעם קול, זאָל ער זיך אָברופען און זאָגען אַז ער הערט. שמואל האָט אַזוי געטון און גאָט האָט מיט איהם גערעדט אין יענער נאַכט און האָט איהם געזאָגט, אַז ער וועט בעשטראָפען עלי'ן מיט זיין משפחה פאַר זיינע קינדערס זינד און וועט זיי קיינמאָל ניט מוחל זיין. פון דאַמאָלסט אָן איז גאָט געווען מיט שמואל'ן און האָט זיך אָפט בעוויזען צו איהם אין שילה. דאָס גאַנצע פאָלק, פון איין עק לאַנד ביז'ן צווייטען, האָט זיך דערוואוסט, אַז שמואל איז אויסדערוועהלט געוואָרען פאַר אַ נביא צו גאָט.

די יודען האָבען אָנגעהויבען קוקען אויף שמואל'ן, ווי אויף זייער לעהרער און שופט. נאָר שמואל האָט ניט געזוכט קיין כּבוד, נישט גע־וואָלט זיין דער איינציגער פיהרער און האָט צוגעצויגען צו זיך פיעל איי־דעלע מענשען פון פאָלק, וועלכע ער האָט בעגייסטערט און צוגעגרייט, זיי זאָלען איהם העלפען אין זיין אַרבייט. שמואל'ס תלמידים האָבען זיך אָנגערופען „בני הנביאים" און זיי פלעגען געהן עטליכע צוזאַמען פון שטאָדט צו שטאָדט און נביאות זאָגען. אויפ'ן וועג פלעגען צו זיי צושטעהן אויך זייטיגע מענשען, וואָס פלעגען בעגייסטערט ווערען פון זייערע רייד. שמואל הנביא איז אויך ניט געזעסען אויף איין אָרט, ער פלעגט אַליין אויך אַרומ־געהן איבער'ן לאַנד, ריידען צו'ם פאָלק און לערנען זיי, אַז גאָט דאַרף ניט זייערע קרבּנות, אַז דער עיקר איז — גוטס טון און אָרענטליך זיין. איהם האָט זיך איינגעגעבען צו פעראייניגען אַלע יודען און אינגאַנצען אָבצוּרייניגען פון זיי דאָס געצענדיענסט. אַז די פּלשתּים האָבען זיך דער־וואוסט וועגען דער פעראייניגונג, זיינען זיי געקומען מיט זייער חיל אויף דער שטאָדט מצפה, וואוהין שמואל האָט דאַמאָלסט צונויפגעקליבען דאָס גאַנצע פאָלק. אָבער דאָס מאָל זיינען די יודען, געשטאַרקט פון שמואל'ן, דרייסט אַרויסגעטראָטען אויף מלחמה און האָבען זיך אָבגערעכענט מיט די פּלשתּים אויך פאַר דער גרויסער מפּלה, וואָס זיי האָבען פריהער גע־האַט, בעת דער אומגליקליכער מלחמה אין עלי'ס צייטען.

די גאַנצע צייט, וואָס שמואל איז געווען אַ שופט, זיינען די יודען געווען בערוהט פון זייערע פיינד. ווען שמואל איז אָבער אַלט געוואָרען

און האָט שוין אַליין ניט גערעכענט משפּט׳ן דאָס פאָלק, האָבּען זיך ווידער אָנגעהויבען די אונרוהיגע צייטען. די פלשתים און אויך אַלע איבּעריגע שכנ׳י־שע פעלקער זיינען געוואָרען אַלץ שטאַרקער און די יודען האָבען דער־פיהלט, אַז זיי דאַרפען האָבען אַ שטענדיגען מוטיגען פיהרער, וואָס זאָל גרייט זיין אין יעדער סכנה אַרויסצוטרעטען מיט׳ן חיל קעגען דעם פיינד. דאַמאָלסט זיינען געקומען די עלטסטע פון פאָלק צו שמואל׳ן און האָבען איהם געזאָגט: „דו ביזט שוין אַלט געוואָרען און דיינע זיהן געהען ניט אין דיינע דרכים; מאַך איבּער אונז אַ מלך, וואָס זאָל אונז משפּט׳ן און פיהרען אונזערע מלחמות". שמואל׳ן איז עס ניט געפעלען געוואָרען. ער האָט אַזוי, ווי משה אַמאָל, געקוקט אויף די יודען, ווי אויף אַ הייליג־פאָלק (גוי קדש), איבּער וועלכען ס׳קען נאָר גאָט אַליין הערשען, ניט אָבּער קיין פּשוט׳ער מענש. ער האָט אָנגעהויבען איינריידען דאָס פאָלק און דערוואַרענען זיי, וואָס פאַר אַ שאָדען דער קעניג וועט זיי ברייננגען, אַז ער וועט צונעמען זייערע זיהן און טעכטער, זיי מאַכען פאַר קנעכט און דיענסטען און וועט זיי אַליין אויך בערויבען. דאָס פאָלק האָט אָבּער ניט געוואָלט הערען און האָט אין איין קול געשריגען: „אַ מלך ווילען מיר!" שמואל איז גענויט געוועזען צו ערפילען דעם פאָלקס־פערלאַנג. פאַר אַ קעניג האָט ער אָבּער געוואָלט מאַכען אַ פּראָסטען מענשען, כּדי ער זאָל זיך ניט גרויס האַלטען און ניט דריקען זיינע ברידער. דער תנ״ך דער־צעהלט, אַז אין גיכען האָט איהם גאָט אָנגעוויזען אויף אַזאַ מענשען. דאָס איז געוועזען שאול בן קיש, אַ יונגער ערד־אַרבּייטער פון שבט בנימין.

שאול איז געגאַנגען זוכען זיין פאָטערס אייזלען, וואָס זיינען פער־פאַלען געוואָרען, און איז געקומען צו׳ם נביא פרעגען אַן עצה, מיט וואָס פאַר אַ וועג ער זאָל געהן. שמואל אָבּער האָט איהם שוין ניט אָבגע־לאָזען און האָט איהם געזאָגט, אַז ער דאַרף שוין ניט זאָרגען וועגען די אייזלען, ווייל דאָס גאַנצע גוטס פון ישראל איז אין זיין האַנד. לאַנג האָט שמואל גערעדט אין יענעם טאָג מיט שאול׳ן און אויף מאָרגען, פאַר זיין אַוועקגעהן, האָט ער איהם געקושט און אָנגעזאָגט, אַז ער איז געזאַלבט פון גאָט פאַר אַ מלך. נאָך דעם האָט שמואל צונויפגערופען דאָס פאָלק קיין מצפּה און דאָרט איז שאול אויסגעקליבען געוואָרען פאַר אַ קעניג. פון דאַמאָלסט אָן איז דער אַלטער שמואל געבּליבען נאָר דער לעהרער פון פאָלק, דער פיהרער און הערשער איז שוין געוועזען דער יונגער מלך.



ה.

# דער מלך שאול.

שאול'ס ערשטער נצחון. — יונתן און די מלחמות מיט די פלשתים. — די מלחמה מיט עמלק. — שאול'ס ליידען. — שאול'ס לעצטע טעג.

## א. שאול'ס ערשטער נצחון.

שאול בן קיש איז געוועזן א פשוט'ער ערד־ארבייטער און האט קיינמאל וועגן הערשאפט ניט געטראכט. ער האט בעסער זיך גע־וואלט רוהיג בעשעפטיגען מיט זיין ארבייט, און ווען ער האט זיך דער־וואוסט, אז אויף איהם איז געפאלען דער גורל צו ווערען א קעניג, האט ער זיך בעהאלטען. די מענשען אבער, וואס זיינען געלאפען זוכען איהם, האבען איהם געפינען און געבראכט צו'ם ארט, וואוהין שמואל האט צו־נויפגעקליבען דאס פאלק פונ'ם גאנצען לאנד. אז די יודען האבען דערזעהן דעם יונגען קעניג, וואס איז געוועזן, ווי דער תנ"ך דערצעהלט, „שעהנער און מיט א קאפ העכער פון אלע פערזאמעלטע", האבען זיי אלע אויס־גערופען: „לעבען זאל דער קעניג!" (יחי המלך!) אזוי איז שאול געגען זיין ווילען אויסגעקליבען געווארען פאר א מלך. אבער דאס האט דעם ארענטליכען ארבייטער גאר ניט איבערגעאנדערשט. אז שמואל האט אבגעלאזען די יודען אין זייערע שטעדט, האט שאול זיך אויך אומגעקערט אין זיין שטאדט גבעה (אדער ווי מען האט זי דאמאלסט אנגערופען, גבעת שאול) און האט זיך ווידער גענומען צו זיין פריהעריגער שטילער און פראסטער ארבייט. שמואל'ן האט געפרעהט צו זעהן, ווי דער מלך, וועל־כען ער האט אויסגעקליבען, איז טאקי אזא, ווי ער האט געוואלט. נאר פיעל פון די, וואס האבען ביי איהם געפאדערט, ער זאל איבער זיי

מאַכען אַ קעניג, זײַנען אונצופריעדען געוואָרען מיט שאול'ן פאַר זײַן פראָסטקייט. זײ האָבען געטראַכט, אַז דער רוהיגער ערד־אַרבײַטער וועט ניט האָבען דעם מוט צו פיהרען זײערע מלחמות און זײ האָבען געזאָגט: „וואָס קען אונז אַזעלכער העלפען?" אין גיכען אָבער האָט שאול דערוויזען, אַז זײ האָבען אַ טעות געהאַט. אײַנמאָל, בעת שאול איז, ווי געוועהנליך, געווען אין פעלד, זײַנען אָנגעקומען קײַן גבעה שלוחים פון דער שטאָדט יבש־גלעד און האָבען געבעטען הילף. זײ האָבען דערצעהלט, אַז די עמונים, וואָס פלעגען שטענדיג בעאונרוהיגען די אײַנוואוינער פון גלעד, האָבען בעלאַגערט די שטאָדט יבש. די אײַנוואוינער פון שטאָדט האָבען געוואָלט מיט זײ שלום מאַכען, אָבער דער קעניג פון די עמונים האָט זײ געענטפערט: „איך וועל מיט אײַך מאַכען שלום, נאָר ווען איך וועל יעדען פון אײַך אויסשטעכען דאָס רעכטע אויג". דאַמאָלסט האָבען זיך די אײַנוואוינער פון יבש אָבגעבעטען בײַ איהם, ער זאָל זײ וואַרטען עטליכע טעג און זײ האָבען בעשלאָסען צו שיקען שלוחים איבער'ן גאַנצען לאַנד ישראל, און אויב עס וועט פון ערגיץ ניט קומען קײַן הילף, וועלען זײ זיך מוזען איבערגעבען אין זײַנע הענד, ער זאָל זײ טון ווי זײַן ווילען וועט זײַן. די שרעקליכע ידיעה האָט טיעף געריהרט די אײַנוואוינער פון גבעה, העלפען האָבען זײ אָבער אין זיך קײַן כחות ניט געפיהלט און זײ האָבען אין דער שטיל געוויינט. אַז שאול האָט, קומענדיג פון פעלד, דערהערט דעם פאָלקס געוויין און האָט זיך דערוואוסט וועגען דער צרה, וואָס ערוואַרט די אײַנוואוינער פון יבש, איז ער אויפגעבראַכט געוואָרען און האָט באַלד צעשניטען אַ פּאָר אָקסען און צעשיקט די שטיקער איבער'ן לאַנד, אָנזאָגענדיג: „ווער עס וועט ניט געהן נאָך שאול'ן מיט שמואל'ן, וועט אַזוי געטון ווערען מיט זײַנע רינדער". צעהנדליגער טויזענטער העלדען פון אַלע עקען לאַנד האָבען זיך אײַליג צונויפגעקליבען אַרום דעם מוטיגען מלך, גרייט צו העלפען זײערע ברידער, וואָס אויף יענער זײַט ירדן. שאול האָט ניט געזאַמט; ער האָט באַלד צעטײלט זײַן חיל אויף דרײַ טײל, איז פלוצים אָנגעפאַלען אויף די עמונים, האָט זײ צעטריבען און האָט ניט איבערגעלאָזען פון זײ, ווי דער תנ"ך דערצעהלט „קײַן צוויי צוזאַמען".

נאָך דער גרויסער ישועה, וואָס שאול האָט געבראַכט דער שטאָדט יבש, איז ער געעהרט און בעליעבט געוואָרען בײַ'ם גאַנצען פאָלק. שמואל האָט געזעהן, אַז איצט איז אַ צײַט צו פערשטאַרקען שאול'ס מלוכה, האָט ער צונויפגערופען דאָס פאָלק אין דער שטאָדט גלגל און דאָרט איז שאול דאָס צווייטע מאָל אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס פרייד פאַר אַ מלך איבער אַלע יודען.

## ב. יונתן און די מלחמה מיט די פלשתים.

„און עס זיינען געווען שווערע מלחמות מיט די פלשתים די גאַנצע צייט פון שאול׳ס לעבען, און אַז שאול פלעג דערזעהן אַ העלדישען מוטיגען מענשען, האָט ער איהם גענומען צו זיך״. אַזוי דערצעהלט דער תנ״ך וועגען שאול׳ס גרייטען זיך צו זיינע ווייטערדיגע מלחמות. די פלשתים זיינען אין יענער צייט געווען דער שטאַרקסטער יודישער פיינד און דאָס פאָלק האָט פון זיי זעהר פיעל געליטען. כדי די יודען זאָלען ניט קענען אויפשטעהן קעגען זיי און בעפרייען זיך פון זייער דרוק, האָבען די פלשתים ביי זיי אָבגענומען דאָס געוועהר און האָבען אין לאַנד ניט געלאָזען קיין איינציגען שמיד. אין דער שטאָדט גבעה האָבען זיי אויך בעזעצט אויף שטענדיג אַ פלשתי׳שען האַר מיט חיל. שאול האָט געזעהן, אַז ניט מיט די העלדען, וואָס קלייבען זיך צונויף נאָר אין אַ מלחמה-צייט, וועט ער קענען בעפרייען דאָס לאַנד פון דעם שטאַרקען פיינד, דעריבער האָט ער זיך אָנגעהויבען אָבקלייבען אַ שטענדיגען חיל. איבער אַ טייל פון די גבורים האָט ער געמאַכט פאַר אַנ׳עלסטען זיין זוהן, יונתן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט די זעלבע מעלות, וואָס ער אַליין; מיט זיין אָרענטליכקייט, העלדישקייט און איבערגעגעבענקייט דעם פאָלק.

יונתן האָט ניט געקענט פערטראָגען דאָס הערשאַפט פון די פלשתים און ער איז געקומען מיט זיינע גבורים קיין גבעה און האָט גע׳הרג׳עט דעם פלשתי׳שען האַר. שאול האָט נאָך דעם געהייסען אויסרופען אין גאַנצען לאַנד, מען זאָל זיך גרייטען צו מלחמה, און באַלד האָט מען זיך אָנגעהויבען צונויפקלייבען צו איהם. אָבער אַז די פלשתים זיינען אָנגעקומען מיט זייערע רייטוועגען, רייטער און גוט בעוואָפענטען חיל, האָבען זיך די יודען דערשראָקען. זיי האָבען אָנגעהויבען ביסלעכווייז פערלאָזען שאול׳ן און בעהאַלטען זיך אין די בערג און הייהלען. יונתן האָט דערזעהן, אַז מיט די עטליכע הונדערט מענשען, וואָס זיינען געבליבען ביי שאול׳ן, וועט זעהר שווער זיין בייצוקומען דעם גרויסען חיל פון די פלשתים, האָט ער זיך בעשלאָסען אויף אַ העלדישען שריט: ער האָט זיך צונויפגערעדט מיט זיין וואָפען-טרעגער און זיי האָבען זיך מיט גרויס-מיה, קלעטערנדיג אויף די הענד און פיס, צוגעקליבען צו דער מחנה פון די פלשתים, וואָס האָט זיך געפינען אויף זעהר אַ הויכען באַרג. אַ מורא איז אָנגעפאַלען אויף דער גאַנצער מחנה פון די פלשתים, ווען זיי האָבען דערזעהן די יודישע גבורים. דער אָנפאַל איז פאַר זיי געווען גאָר אומגעריכט, ווייל זיי האָבען גערעכענט, אַז עס איז גאָר אונמעגליך צוקומען צו זייער מחנה איבער די בערג און זיי זיינען צעטומעלט געוואָרען. אַז שאול האָט בעמערקט, ווי

די פלשתּים זײַנען פּלוצים צעטומעלט געװאָרען, דאָס ער זיך גלײַך גע־לאָזען אַהין מיט זײַן קלײנעם חיל און האָט זײ אָנגעהויבען נאָכיאָגען. צו שאול׳ס חיל זײַנען באַלד צוגעשטאַנען אויך יענע, וואָס האָבען זיך פריהער בעהאַלטען אין די בערג, און די מפּלה פון די פּלשתּים איז גע־װען זעהר גרויס.

נאָך דער ערשטער גרויסער מפּלה זײַנען די פּלשתּים אָבגעשוואַכט געװאָרען און האָבען שוין אַ שטיק־צײַט מעהר ניט בעאונרוהיגט די יודען.

## ג. די מלחמה מיט עמלק.

שאול האָט שוין מעהר ניט אַרויסגעלאָזען די שווערד פון האַנד. ער האָט אָנגעהויבען נאָך פיעל אַנדערע מלחמות מיט די אַרומיגע פעל־קער, וואָס האָבען געדריקט די יודען פון אַלע זײַטען. אין די מלחמות האָט איהם זעהר געגליקט. ער האָט שטענדיג אָבגעהאַלטען איבער זײַנע פײַנד גלענצענדע נצחונות, וואָס האָבען גרויס געמאַכט זײַן נאָמען, און דאָס פאָלק האָט אויף איהם געקוקט, ווי אויף אַ „אויסדערוועהלטען פון גאָט". ניט לאַנג אָבער האָט געדויערט זײַן פרייד. שמואל האָט אין גיכען בעמערקט, אַז שאול איז נאָר פעהיג צו פיהרען דעם פאָלק׳ס מלחמות, אָבער ניט דאָס פאָלק אַליין. ער האָט זיך דעריבער אָבגעקעהרט פון איהם, און דאָס האָט בײַ שאול׳ן אָבגערויבט פריהער זײַן רוהיגקייט און שפּעטער אויך דעם מוט.

דאָס איז געװען בעת איין גרויסער מלחמה, וואָס שאול האָט אָנ־געהויבען מיט די עמלקים. די שנאה צו דעם ווילדען פאָלק, וואָס האָט בעאונרוהיגט די יודען די גאַנצע צײַט, זינט זײ זײַנען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, איז געװען טיעף אײַנגעװאָרצעלט אין די יודישע הערצער. דעריבער האָט שמואל אָנגעזאָגט שאול׳ן, ער זאָל גאַרניט איבערלאָזען פון זײ, ער זאָל קיין רויב ניט נעמען און זאָל אַלץ פערניכטען. שאול האָט די עמלקים מנצח געװען, נאָר דעם נביא׳ס בעפעהל האָט ער ניט ערפילט. ער האָט דעם קעניג פון עמלק געבראַכט אַ לעבעדיגען מיט זיך פון מלחמה און דעם פאָלק האָט ער געלאָזען נעמען די פעטע שאָף און רינדער און דאָס רײַכקייט פון די עמלקים. אַז שמואל איז נאָך דער מלחמה צו איהם געקומען, האָט איהם שאול מיט פרייד בעגעגענט און האָט געזאָגט: „איך האָב ערפילט גאָטס וואָרט". אָבער שמואל האָט גע־פרעגט: „וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ קול פון שאָף און רינדער, וואָס איך הער?" שאול האָט זיך געפּרובט צו פערענטפערען, אַז דאָס האָט דאָס פאָלק גענומען, כדי אויפברײַנגען פון דעם קרבנות צו גאָט. נאָר דער נביא האָט איהם בייז געענטפערט, אַז גאָט דאַרף ניט קיין קרבנות, אַז

פיעל בעסער איז צו הערען גאָטס קול און פאָלגען איהם. שמואל האָט זיך שוין אָבגעקעהרט אַיעקצוגעהן, נאָר שאול האָט איהם געוואָלט פערהאַלטען נאָך אַביסעל, כדי ער זאָל איהם ניט פערשעמען פאַר'ן גאַנצען פאָלק. ער האָט אָנגעהאַפּט שמואל'ן פאַר'ן קלייד, און עס האָט זיך צעריסען. דאַמאָלסט האָט שמואל אויסגערופען: „גאָט האָט שוין אָבגעריסען פון דיר די מלוכה און גיט זי איבער אַן אַנדערען א בעסערען פון דיר". נאָך דעם האָט שמואל זיך אומגעקעהרט צוריק אין זיין שטאָדט און האָט שוין מעהר ניט געזעהן שאול'ן ביז זיין טויט.

אין תנ"ך ווערט דערצעהלט, אַז שמואל האָט לאַנג געטרויערט אויף שאול'ן, נאָר גאָט האָט איהם געזאָגט, ער זאָל אויפהערען טרויערען און געהן קיין בית לחם און דאָרט זאַלבען פאַר אַ קעניג, אָנשטאָט שאול'ן, אַ יונג און שעהן פאַסטוכ'ל, דוד בן ישי. שמואל האָט אַזוי געטון: ער איז געקומען קיין בית לחם, האָט געפינען דוד'ן און האָט איהם בסוד געזאַלבט פאַר אַ מלך. און פון יענעם טאָג און ווייטער האָט שוין גאָטס גייסט בעגליקט דוד'ן.

## ד. שאול'ס ליידען.

און שאול'ן, דערצעהלט דער תנ"ך, האָט אַ בייזער גייסט פון גאָט אָנגעהויבען בעאונרוהיגען און ער איז מיט יעדען טאָג אַלץ טרויעריגער געוואָרען. דאַמאָלסט האָבען זיך שאול'ס פריינד דערוואוסט, אַז דוד קען גוט שפּיעלען, האָבען זיי איהם געבראַכט אין קעניג'ס הויז, כדי ער זאָל אָבטרייבען דעם בייזען גייסט פונ'ם מלך. אָבער זעהענדיג פאַר זיך שטענדיג דוד'ן, איז שאול'ס טרויער גיך אַריבער אין קנאה. דוד האָט זיך אויסגעצייכענט ניט נאָר מיט זיין שפּיעלען, ער האָט באַלד אָנגעהויבען אַרויסווייזען אויך זיין גבורות און מוט אין מלחמה, וואו ער פלעגט זעהר אָפט מיטהעלפען דעם נצחון פונ'ם יודישען חיל.

נאָך זיין ערשטען העלדישען שריט, ווען ער האָט דער'הרג'עט דעם פּלשתי'שען ריעז גלית, קעגען וועלכען קיין איינציגער יודישער העלד האָט זיך ניט איינגעשטעלט אַרויסצוטרעטען, האָט שאול איהם געמוזט אָבגעבען זיין טאָכטער, מיכל, פאַר אַ פרוי, און בעשענקען מיט פיעל רייכקייט, וויל אַזוי האָט ער צוגעזאָגט צו בעלוינען דעם העלד, וואָס וועט טויטען דעם פּלשתי. און אַז זיי האָבען זיך אומגעקעהרט פון מלחמה, זיינען אַנטקעגען זיי געקומען די טעכטער פון ישראל, טאַנצענדיג מיט פויקען אין די הענד, און האָבען געזונגען: „שאול האָט געשלאָגען טויזענטער און דוד צעהנדליגער טויזענדער". שאול האָט אָנגעהויבען צו פער-

שטעהן, אַז דוד איז דער אויסדערוועהלטער און געבענשטער פון גאָט, וועמען עס איז בעשערט איבערצונעמען זיין מלוכה, ווי שמואל האָט איהם דאָס לעצטע מאָל געזאָגט, און ער האָט איהם זעהר פיינד געקריגען. די קלאַנגען פון דוד׳ס שפּיעלען האָבען שוין מעהר ניט בערוהיגט דעם אויפגערייצטען מלך, נאָר זיי האָבען, נאָך פערקעהרט, געוועקט אַ גרעסערן פּחד און קנאה אין זיין האַרצען. און איינמאָל, ווען דוד האָט פאַר איהם געשפּיעלט, האָט שאול אויף איהם אַ וואָרף געטון זיין שפּיעז און האָט איהם שיעור ניט געטויט.

פון דאַמאָלסט אָן האָט זיך שוין דוד מעהר ניט בעוויזען אין קעניג׳ס הויז. שאול האָט זיך אָבער נאָך אַלץ ניט בערוהיגט און האָט אונטערגעשיקט מענשען, זיי זאָלען איהם הרג׳ענען. נאָר שאול׳ס קינדער, יוחנן און מיכל (דוד׳ס פרוי), וואָס האָבען זעהר ליעב געקריגען דעם יונגען העלד, האָבען איהם מציל געווען און ער איז אַנטלאָפען. שאול האָט איהם אָנגעהויבען יאָגען, ער האָט זיך נוקם געווען אין די אַלע, וואָס האָבען נאָר אַרייַנגעלאָזט צו זיך דוד׳ן. אַזוי האָט ער גאָר אָהן רחמנות חרוב־געמאַכט די שטאָדט נוב, נאָר דערפאַר, וואָס די כהנים, וואָס זיינען אין דער שטאָדט געזעסען, האָבען דוד׳ן פריינדליך בעגעגענט און איהם אַ שווערד מיט ברויט געגעבען. לאַנג האָט שאול איהם געיאָגט, און נאָר ווען דוד האָט גאָר אינגאַנצען פערלאָזען דאָס לאַנד און איז מיט זיינע לייט, וואָס זיינען צו איהם צוגעשטאַנען, אַוועקגעגאַנגען אין׳ם לאַנד פון די פלשתים, האָט ער איהם אויפגעהערט נאָכיאָגען. דאָס רוהיגקייט האָט זיך אָבער צו איהם נאָך אַלץ ניט אומגעקעהרט; וואָס ווייטער איז ער אַלץ אויפגערייצטער און בייזער געוואָרען און עס איז גאָר ניט געווען צו דערקענען דעם אַמאָליגען שטילען און אָרענטליכען שאול.

## ה. שאול׳ס לעצטע טעג.

זעהר טרויעריג איז געווען דאָס לעבען פון׳ם ערשטען יודישען מלך, אָבער נאָך טרויעריגער איז געווען זיין טויט. די פלשתים האָבען דערזעהן, אַז דער העלדישער קריעגס־פיהרער, דוד, איז פערטריבען געוואָרען, און דער יודישער מלך איז אַליין אויך אָבגעשוואַכט פון זיינע אייגענע צרות, זיינען זיי געקומען מיט אַ גרויס חיל, כדי נוקם צו זיין זיך אין די יודען פאַר זייערע פריהעריגע מפּלות. שאול איז זעהר דערשראָקען געוואָרען, ווען ער האָט דערזעהן די שטאַרקע מחנה פון די פלשתים. דאָך איז ער מיט זיין חיל אַרויסגעטראָטען קעגען זיי צו די בערג גלבוע. נאָר פריהער האָט ער זיך אַליין געוואָלט מוטיגען מיט

גאָטס וואָרט; ער האָט דורך די כּהנים און נביאים געוויאָלט דערוואוסען זיך, מיט וואָס וועט זיך די שרעקליכע מלחמה ענדיגען. גאָט האָט איהם אָבער שוין מעהר ניט געענטפערט.

דאַמאָלסט, דערצעהלט ווייטער דער תּנ״ך, האָט דער אומגליקליכער שאול געהייסען אויפזוכען אַ צויבערין, זי זאָל מיט איהר כּשוף אַראָפּ-ברייננגען צו איהם דעם לאַנג טויטען שמואל. מיט גרויס מיה האָט זיך איינגעגעבען געפינען איין כּשוף-מאַכערין, ווייל שאול האָט אַמאָל אַליין פערטריבען און אויסגערשטען פון גאַנץ לאַנד אַלע צויבערער און כּשוף-מאַכער. אַ פערשטעלטער איז שאול מיט זיינע צוויי קנעכט ביינאַכט געקומען צו דער צויבערין. ער האָט אָבער דאָ אויך קיין טרייסט ניט געפינען. פון שמואל׳ס געשטאַלט, וואָס די פרוי האָט מיט איהר כּשוף אַרויסגערופען, האָט שאול דערהערט שרעקליכע ווערטער:

„גאָט האָט זיך שוין לאַנג אָבגעקעהרט פון דיר און איז דיין פיינד געוואָרען. ער האָט אַרויסגעריסען די מלוכה פון דיין האַנד און האָט זי אָבגעגעבען דוד׳ן; דיך מיט דער גאַנצער מחנה פון ישראל גיט ער איבער אין די הענד פון די פלשתּים, און מאָרגען וועסטו מיט דיינע זיהן שוין זיין מיט מיר“.

אַז שאול האָט דערהערט דעם נביא׳ס שרעקליכען ענטפער, איז ער אָהן כּחות אויף דער ערד אומגעפאַלען. אַ פערצווייפעלטער און דערשלאָגענער פון דעם נביא׳ס רייד, וואָס ער האָט געהערט, איז ער נאָכדעם צוריק געקומען צו זיין מחנה. ער האָט שוין מעהר ניט געקענט בעגיי-סטערען זיינע גבּורים און זיי זיינען געפאַלען פאַר די פלשתּים. זעהר פיעל פון זיין חיל איז געטויט געוואָרען און די איבעריגע זיינען זיך צעלאָפען. אין דער אומגליקליכער מלחמה איז אויך אומגעקומען דער העלדישער יונתן און נאָך צוויי פון שאול׳ס זיהן. אַז שאול האָט דער-זעהן די גרויסע מפּלה פון זיין חיל און דעם טויט פון זיינע זיהן, האָט ער געזאָגט צו זיין וואָפען-טרעגער, ער זאָל איהם דערשטעכען, כּדי ער זאָל ניט אַריינפאַלען אין זיינע פיינדס הענד. דער וואָפען-טרעגער אָבער האָט ניט געוואָלט אויפהויבען זיין האַנד אויף דעם געליבטען מלך, און שאול האָט זיך אַליין געוואָרפען אויף זיין שווערד און איז געשטאָרבען.

די פלשתּים האָבען שאול׳ס טויטען קערפּער אויפגעהאַנגען אויף דעם מויער פון דער שטאָדט בית-שן. דאָס האָבען דערהערט די איינ-וואוינער פון יבש-גלעד, וואָס שאול האָט זיי אַמאָל זיין ערשטע ישועה געבראַכט, זיינען זיי ביינאַכט געקומען, האָבען אַראָפּגענומען דעם קערפּער און בעגראָבען אין יבש. און זיבען טעג האָבען זיי, נאָך דעם, געפאַסט און בעוויינט זייער אַמאָליגען בעפרייער און שיצער.

דִי טרױעֶרִיגֶע ידיעה אִיז אױך אָנגעֶקוּמעֶן צוּ׳ם פעֶריאָגטען דוד׳ן און האָט אִיהם זעהר פִיעל צער פעֶרשאַפט. עֶר האָט דעֶם טױט פון דִי העֶלדען בעֶװײַנט אִין אַ רִיהרעֶנדִיגען שיר, װאָס הױבּט זִיך אָן מִיט דִי װעֶרטעֶר: „דאָס גאַנצעֶ שעהנקײַט פון ישראל לִיעגט אױף דײַנעֶ הױכעֶ בּעֶרג דעֶרשלאָגען! װי זײַנעֶן עֶס געֶפאַלען דִי גבּורים״... עֶר פעֶרשעֶלט דאָס אָרט, װאו דעֶר אומגלִיק אִיז געֶשעהעֶן: „בּעֶרג גלבּע, קײַן טױ און קײַן רעֶגען זאָל אױף אײַך נִיט פאַלען, קײַן פרוכטבּאַרעֶ פעֶלדעֶר זאָלען אײַך נִיט בּעֶדעֶקען!״ און װײַטעֶר װעֶרען בּעֶזִינגעֶן דִי נוּצען, װאָס עס האָבּען דעֶם פאָלק געֶבּראַכט, די העֶלדען, װעֶלכעֶ זײַנעֶן געֶװעֶזען „גרִינ־געֶר פון אָדלעֶר און שטאַרקעֶר פון לײַבּען״.



ו.

# דוד בן ישי.

דוד׳ס יוגענד. — די רדיפות אויף דוד׳ן. — די ערשטע צייט פון דוד׳ס מלוכה. — דוד׳ס צרות. — דוד׳ס לעצטע יאָהרען.

## א. דוד׳ס יוגענד.

דוד בן ישי, דער, וועמען שמואל האָט אָנגעצייכענט פאַר אַ מלך, איז טאַקי געווען פיעל פעהיגער פון שאול׳ן. ניט נאָר מיט זיין גבורה און שעהנקייט האָט זיך דוד אויסגעצייכענט, ער איז אויך געווען אַ גרויסער משורר און פיעל פון זיינע תפלות און שירים, וואָס זיינען צונויפגעקליבען אין „תהלים״, זיינען שטענדיג געווען כמעט די איינציגע טרייסט ביי׳ם יודישען פאָלק אין אַלע זיינע צרות.

אויף די פעלדער פון בית-לחם האָט דוד זיינע ערשטע יוגענד-יאָהרען פערבראַכט. דאָרט האָט ער, פאַשענדיג זיין פאָטערס רינדער, דאָס שעהנקייט פון גאָטס-וועלט דערזעהן און זיינע ערשטע געטליכע לידער געזונגען. אָבער ניט לאַנג האָט די גליקליכסטע צייט אין זיין לעבען געדויערט. איינמאָל איז קיין בית-לחם געקומען דער אַלטער נביא, שמואל, מיט אַ קרוג בוימאייל אין דער האַנד צו זאַלבען, לויט גאָט׳ס בעפעהל, איינעם פון ישי׳ס זיהן פאַר אַ מלך אָנשטאָט שאול׳ן. ישי האָט געבראַכט צו שמואל׳ן זיינע עלטערע זיהן, אָבער קיין איינעם פון זיי האָט גאָט איהם נישט געלאָזט זאַלבען. דאַמאָלסט, דערצעהלט דער תנ״ך, האָט ישי געשיקט אין פעלד אַריין ברייננגען זיין יונגסטען זוהן, דוד׳ן. אַז שמואל האָט דערזעהן דאָס יונגע פאַסטוכ׳ל מיט׳ן שיינענדיגען פנים און שעהנע, ליכטיגע אויגען, האָט ער דערהערט גאָטס שטים: „שטעה אויף און זאַלב

איהם". פון יענעם טאָג אָן האָט דוד דערפיהלט אין זיך גאָטס גייסט, און אין גיכען איז ער פון זיין „פאַסטוכער־ביידעל פון הינטער די שאָף" גערופען געוואָרען אין קעניג'ס הויז, ער זאָל מיט זיין שפיעלען צעיאָגען שאול'ס שרעקליכען טרויער. באַלד האָט ער פאַר'ן גאַנצען פאָלק בעוויזען אויך זיין גבורה און מוט.

דאָס איז געוועזען בעת איין מלחמה מיט די פלשתים. ווען די צוויי מחנות זיינען שוין געשטאַנען גרייט אָנצופאַלען איינע אויף דער אַנדערער, איז פון די פלשתים אַרויסגעטראָטען איין ריעז גלית, וואָס איז געוועזען געקליידט און בעוואָפענט מיט קופער און אייזען, און האָט געזאָגט צו די יודען: „צו וואָס זאָלט איהר אַלע אַרויסגעהן אויף מלחמה? קלייבט אויס פון אייך איין גבור און זאָל ער אַרויסטרעטען קעגען מיר: אויב ער וועט מיך מנצח זיין און וועט מיך טויטען, וועלען מיר אַלע אייערע קנעכט זיין, נאָר אויב איך וועל איהם בייקומען, וועט איהר אונזערע קנעכט זיין און וועט אונז דיענען". דאַמאָלסט האָט שאול געהייסען אויסרופען, אַז דעם גבור, וואָס וועט אַרויסטרעטען קעגען דעם פלשתי און וועט איהם טויטען, וועט ער מיט פיעל רייכקייט בעשענקען, און זיין טאָכטער וועט ער איהם געבען פאַר אַ פרוי. קיינער אָבער האָט זיך דאָך ניט איינגעשטעלט אַרויסצוטרעטען קעגען דעם מוראָ'דיגען ריעז. און גלית איז אַזוי פערציג טעג נאָכאַנאַנד אַרויסגעגאַנגען צו דער יודישער מחנה און האָט געזידעלט און געשפּאָט פונ'ם יודישען חיל.

אין דער צייט איז דוד אָנגעקומען אין דער יודישער מחנה. זיין אַלטער פאָטער ישי האָט איהם געשיקט זעהן, וואָס מאַכען זיינע עלטערע ברידער, וועלכע זיינען אויך געוועזען צווישען דעם יודישען חיל. אַז דוד האָט דערהערט דאָס שפּאָטען פונ'ם פלשתי, האָט ער זיך גלייך אַרויסגערופען צו טויטען איהם. שאול האָט איהם צוערשט ניט געוואָלט לאָזען, ווייל ער איז נאָך געוועזען צו יונג. ווען ער האָט אָבער דערהערט דוד'ס מוטיגע רייד, אַז איהם שרעקט ניט דער פלשתי, ווייל ניט איין מאָל איז איהם שוין אויסגעקומען צו בעשיצען זיינע שאָף פון לייבען און בערען, וואָס זיינען אָנגעפאַלען אויף זיי, און ער האָט די ווילדע חיות אויך גע'הרג'עט, האָט שאול מסכים געוועזען און האָט געזאָגט: „געה, און זאָל גאָט זיין מיט דיר". ער האָט איהם אויך געוואָלט געבען זיינע קליידער און געוועהר, נאָר דוד האָט זיך אָבגעזאָגט פון דעם, ווייל ער איז נאָך ניט געוואוינט געוועזען צו טראָגען עס. ער האָט נאָר אַריינגעלייגט אין זיין זעקעל עטליכע גלאַטע שטיינדלעך און אין זיינע געוועהנליכע פאַסטוכער־קליידער מיט אַ שטעקען אין האַנד איז ער אַרויסגעטראָטען קעגען גלית'ן. אַז דער פלשתי'שער ריעז האָט איהם דערזעהן, האָט ער אויסגערופען:

„צי בין איך דען א הונד, וואָס דו געהסט אויף מיר מיט שטעקענס?"
נאָר דוד האָט געענטפערט: „דו געהסט קעגען מיר מיט שפּיז און שווערד, איך געה אָבער מיט'ן נאָמען פון גאָט, דעם גאָט פון ישראל. ער וועט דיך היינט איבערגעבען אין מיין האנד, און איך וועל דיך טויטען און וועל אַראָבנעמען דיין קאָפּ פון דיר... דאַמאָלסט וועלען אַלע וויסען, אַז ניט מיט שווערד און שפּיז העלפט גאָט". און אַז דער ריעז האָט זיך דערנענט צו איהם, דערצעהלט דער תנ"ך, האָט דוד אַרויסגענומען אַ שטיינדעל און אַ וואָרף געטון אויף איהם. דאָס שטיינדעל האָט געטראָפען און געזונקען אין גלית'ס שטערן און ער איז געפאַלען מיט'ן פּנים צו דער ערד. דאַמאָלסט איז דוד צוגעלאָפען צו איהם און מיט זיין אייגענער שווערד האָט ער איהם אָבגעהאַקט דעם קאָפּ. ווען די פלשתים האָבען דערזעהן זייער גבור'ס טויט זיינען זיי זיך אין שרעק צעלאָפען, און די יודען האָבען זיי געיאָגט ביז די גרעניצען פון זייער לאנד.

מיט דער פרעהליכער בשורה וועגען דעם נצחון איז אויך דוד'ס מוט בעוואוסט געוואָרען ביי'ם גאנצען פאָלק. און אַז דאָס יורישע חיל האָט זיך אומגעקעהרט פון מלחמה, האָבען די פרויען זיי בעגעגענט מיט טענץ און פּויקען, זינגענדיג: „שאול האָט געשלאָגען טויזענטע און דוד — צעהנדליגער טויזענטער". דעם קעניגס זוהן, יונתן, האָט מיט דוד'ן אַנ'אייביגע ברידערליכע פריינדשאַפט געשלאָסען. שאול האָט איהם גענעבען זיין טאָכטער, מיכל, פאַר אַ פרוי און האָט איהם געמאַכט פאַר אַנ'עלטסטען איבער אַ טייל פון זיין חיל. מיט די גבורים האָט ער איהם אָפט אַרויסגעשיקט קעגען די פלשתים און דוד האָט זיך יעדעס מאָל אומגעקעהרט מיט נצחון. אַזוי איז דאָס געוועזענע פאַסטוכ'ל בעליעבט געוואָרען ביי'ם גאנצען פאָלק, און אַלע האָבען אויף איהם אָנגעהויבען קוקען, ווי אויף זייער גרעסטען העלד און שיצער.

## ב. די רדיפות אויף דוד'ן.

דוד'ס גליק האָט אין שאול'ן אַרויסגערופען קנאה, און די ליעדער, אין וועלכע דוד איז געלויבט געוואָרען מעהר פון איהם, האָבען אויף איהם געוואָרפען אַ שרעק, דער יונגער העלד זאָל ניט איבערנעמען זיין מלוכה, ווי דער נביא שמואל האָט געזאָגט. דער אומעט, וואָס האָט שאול'ן אָנגעהויבען דריקען, זינט דער אַלטער נביא האָט מיט איהם דאָס לעצטע מאָל גערעדט, האָט זיך איצט נאָך מעהר פערשטאַרקט. דוד'ס שפּיעלען האָט דעם קראַנקען מלך נאָך מעהר אויפגערייצט, און איינמאָל, בעת דוד איז געזעסען פאַר איהם און געשפּיעלט אויף דער האַרפע, האָט ער אויף

איהם אַ וואָרף געטון זיין שפּיז. דאַמאָלסט איז בעוואוסט געוואָרען, אַז שאול פערדאַסט דוד׳ן און ער איז שוין מעהר ניט אַריינגעקומען אין קעניגס הויז. נאָך דעם האָט שאול אונטערגעשיקט מענשען צו הרג׳ענען איהם, נאָר דוד׳ס פרוי, מיכל, האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט און האָט איהם געהייסען ביינאַכט אַנטלויפען.

דוד איז אַנטלאָפען קיין רמה, צו שמואל הנביא. ער האָט נאָך אַלץ געהאָפט אויף אַ שלום מיט שאול׳ן און האָט דעריבער געוואָלט דערוואוסען זיך דורך יונתנ׳ען, וואָס טראַכט דער מלך וועגען איהם. שאול׳ס צאָרן אָבער איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אויך יונתנ׳ען שיעור ניט געטויט פאַר זיין פריינדשאַפט מיט דוד׳ן. דאַמאָלסט האָט זיך יונתן אויף אייביג געזעגענט מיט זיין טרייען פריינד, און דוד איז אַנטלאָפען ווייטער. צו איהם האָבען זיך באַלד צונויפגעקליבען זיינע ברידער, פריינד און אויך פיעל אַנדערע גבורים. מיט דעם קליינעם חיל האָט ער אָנגעהויבען אַרומוואַנדערען און אויסבעהאַלטען זיך פון שאול׳ן אין וועלדער און הייהלען, און אָפטמאָל איז ער אויך אַרויסגעטראָטען מיט זיין חיל קעגען די יודישע פיינד, וואָס פלעגען אָנפאַלען אויף בעזונדערע שטעדט. דער מלך האָט זיך אָבער נאָך אַלץ ניט בערוהיגט; ער האָט צונויפגעקליבען אַ חיל און האָט אָנגעהויבען יאָגען דוד׳ן. זעהר פיעל צרות האָט דוד דאַמאָלסט איבערגעליטען, אָבער לעבענדיג די גאַנצע צייט אַ וואַנדערער־לעבען אין הייהלען צווישען בערג און פעלדער, איז אין איהם געוואַקסען זיין פּאָעטישער געפיהל און פערשטאַנד, און דאָס מעהרסטע פון זיינע געליבטע שירים האָט ער אין יענער צייט געזונגען.

די אַגדה דערצעהלט וועגען פיעל וואונדער, וואָס גאָט האָט דוד׳ן געטון אין זיין וואַנדערונג, און ווי אַזוי ער האָט איהם געלערנט דאַמאָלסט צו קוקען אויף דער גאַנצער וועלט און אַלץ, וואָס געפינט זיך אויף איהר. אַזוי ווערט דערצעהלט, אַז דוד האָט זיך אַמאָל געקלאָגט פאַר גאָט אויף דעם שפּין, וואָס ברענגט קיינעם קיין נוצען ניט. ווען דוד אָבער איז אַנטלאָפען פון שאול׳ן און האָט זיך בעהאַלטען אין אַ הייהל, האָט גאָט צוגעשיקט אַ שפּין, וואָס האָט פערצויגען זיין נעץ איבער׳ן גאַנצען אַריינגאַנג פונ׳ם הייהל. אַז שאול מיט זיינע מענשען איז שפּעטער געקומען צו דעם אָרט, האָט ער געוואָלט אַריינגעהן אַהין זוכען דוד׳ן. נאָר באַלד האָט ער דערזעהן דאָס שפּינוועבס און האָט געזאָגט: „געוויס איז קיינער דאָ נישטאָ, ווייל ווען עמיצער וואָלט אַריינגעהן אין דער הייהל, וואָלט ער געמוזט צערייסען די נעץ”. דאַמאָלסט האָט דוד פערשטאַנען, אַז אפילו אַ שפּין קען אַמאָל אויך נוצען ברענגען, און אַז שאול איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער געקושט דעם שפּין און האָט געזאָגט: „געבענשט

איז דײַן בעטבעטער און געבעטשט בײַזו אויך אַלײן״. אַזוי דערצעהלט די אַגדה נאָך וועגען פיעל אַנדערע זאַכען, וואָס דוד האָט זײַ פריהער געריבענט פאַר אומנוצליך, און גאָט האָט איהם דורך זײַ, עטליכע מאָל געבראַכט גרויסע ישועות.

אָבער ניט נאָר דוד׳ס לעבען אַלײן איז געווען אין סכּנה אין יענער צײַט. שאול איז אויך עטליכע מאָל געווען אין דוד׳ס הענד, נאָר דאָ ערשט האָט דוד דערוויזען, אַז ער איז איבערגעגעבען שאול׳ן און טראַכט ניט קײַן שלעכטס אויף איהם. דער תּנ״ך דערצעהלט וועגען דעם אַזוי: שאול מיט זײַן חיל זײַנען אַמאָל צוגעקומען צו אַ הײַהל, וואו דוד מיט זײַנע לײַט זײַנען געווען בעהאַלטען. דער מלך האָט וועגען דעם נישט געוואוסט און איז אײַנער אַלײן אַרײַנגעגאַנגען אין דער הײַהל. אַז דוד׳ס מענשען האָבען איהם דערזעהן האָבען זײַ געזאָגט דוד׳ן, ער זאָל איהם טויטען. דוד אָבער האָט געענטפערט, אַז ער וועט קײַנמאָל ניט אויפהויבען זײַן האַנד אויף דעם געזאַלבטען פון גאָט, און האָט ניט דערלאָזען זײַנע מענשען אָנצוריהרען איהם. ער איז אַלײן שטיל צוגעגאַנגען און האָט אָבגעשניטען אַ שטיק פון׳ם מלכ׳ס קלײד. נאָכדעם איז ער באַלד אַרויסגעגאַנגען נאָך שאול׳ן פון הײַהל, האָט זיך געבוקט צו איהם, בעוויזען דאָס שטיק־קלײד און געזאָגט: „צו וואָס זאָלסטו גלויבען אין דעם, וואָס מענשען זאָגען, אַז דוד וויל דיר שלעכטס טון? איצט זעהסטו אַלײן, אַז גאָט האָט דיך איבערגעגעבען אין מײַן האַנד, נאָר איך האָב ניט געוואָלט טויטען דעם געזאַלבטען פון גאָט. זעה און ווײס, אַז איך טראַכט ניט קײַן שלעכטס און האָב ניט געזינדיגט קעגען דיר און דו יאָגסט מיך אומזיסט. זאָל גאָט אַלײן משפּט׳ן צווישען מיר און דיר און זיך נוקם זײַן פאַר מיר, מײַן האַנד אָבער וועל איך קײַנמאָל ניט אויפהויבען אויף דיר״. אַז שאול האָט דערהערט דוד׳ס רײד, האָט ער זיך צעוויינט און אויסגערופען: „איז דאָס דײַן קול, דוד, מײַן זוהן? דו ביזט אַרענטליכער פאַר מיר, ווײַל איך האָב דיר נאָר מיט שלעכטס בעצאָלט פאַר אַלע טובות, וואָס דו האָסט מיט מיר געטון״. ער האָט איהם געבענשט און געזאָגט: „איך ווײס, אַז דו וועסט זײַן אַ קעניג איבער ישראל, שווער־זשע מיר איצט, אַז דו וועסט ניט אומברײַנגען מײַנע קינדער נאָך מײַן טויט״. דוד האָט איהם געשוואָרען און שאול האָט זיך אומגעקעהרט אין זײַן שטאָדט. ניט אויף לאַנג אָבער האָט זיך דער מלך בערוהיגט. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט ער ווידער אָנגעהויבען יאָגען דוד׳ן מיט אַ חיל פון דרײַ טויזענד מענשען. נאָר אויך דאָס מאָל האָט איהם דוד בעוויזען, אַז ער יאָגט איהם אומזיסט. דער תּנ״ך דערצעהלט, אַז אײַנמאָל, בעת דער מלך מיט זײַן חיל זײַנען געשלאָפען, איז דוד מיט אײַנעם פון זײַנע גבורים

שטיל געקומען אין שאול'ס מחנה און האָט צוגענומען דעם מלכ'ס שפּיז און קרוג-וואַסער, וואָס איז געשטאַנען בײַ איהם צוקאָפּענס. אָבגעהענדיג אַביסעל ווײַטער פון דער מחנה, האָט ער זיך געשטעלט אויף אַ באַרג און האָט אויסגעשריגען צו שאול'ס חיל און זײַן קריעגס-פיהרער אַבנר: „איהר פערדיענט אַלע דעם טויט דערפאַר, וואָס איהר האָט ניט געהיט אײַער האַר, דעם געזאַלבטען פון גאָט. איצט זעהט, וואו איז דעם מלכ'ס שווערד און דער קרוג-וואַסער, וואָס איז בײַ איהם צוקאָפּענס געשטאַנען!" אַז שאול האָט עס דערהערט, האָט ער זיך נאָך אַמאָל מודה געווען פאַר דוד'ן, אַז ער האָט שטאַרק געזינדיגט געגען איהם, און האָט איהם געבעטען אומקעהרען זיך צוריק אין זײַן הויז. אָבער דוד האָט שוין פערשטאַנען, אַז אויך דאָס מאָל וועט שאול'ס בערוהיגונג ניט לאַנג געדויערען, האָט ער בעשלאָסען פערלאָזען אויף אַ צײַט זײַן לאַנד און פאָלק, צוליעב וועלכען ער האָט פיעל מאָל זײַן לעבען געשטעלט אין סכנה, און איז מיט זײַנע לײַט אַוועקגעגאַנגען אין לאַנד פון די פּלשתים. דער מלך פון די פּלשתים האָט זיך זעהר דערפרעהט, ווען ער האָט דערזעהן, אַז דער העלדישער קריעגס-פיהרער, דוד, איז שוין מעהר ניט מיט שאול'ן, האָט ער איהם אָבגעגעבען די שטאָדט צקלג, וואו דוד האָט זיך בעזעצט מיט די מענשען, וואָס זײַנען געגאַנגען מיט איהם.

ג. די ערשטע צײַט פון דוד'ס מלוכה.

אין גיכען, נאָך דוד'ס בעזעצען זיך אין צקלג, איז צו איהם אָנגעקומען די שרעקליכע ידיעה וועגען דער גרויסער מפּלה פון'ם יודישען חיל, און דעם טויט פון שאול און יונתן. דוד האָט צעריסען זײַנע קליידער און האָט אין אַ ריהרענדען קלאָג-ליעד בעוויינט זײַן טרײַען פרײַנד יונתן און זײַן פאָטער, דעם מלך, אויף וועמען ער האָט קיינמאָל קיין שנאה ניט געטראָגען, אַפילו אין דער צײַט, ווען ער האָט איהם אָהן אַנ'אויפהער געיאָגט. נאָך דעם איז דוד געקומען אין דער שטאָדט חברון און דאָרט האָט איהם דער שבט יהודה אויפגענומען פאַר אַ מלך איבער זיך. אויף די איבעריגע שבטים אָבער האָט שאול'ס קריעגס-פיהרער אַבנר געמאַכט פאַר אַ קעניג דעם פערשטאָרבענעם מלכ'ס יונגסטען זוהן אישבשת.

צווישען אַבנר'ס חיל און דוד'ס גבורים, וועלכע עס האָט געפיהרט דער געניטער קריעגס-העלד יואָב, פלעגען פאָרקומען אָפטע צוזאַמענשטויסען, צו קיין גרויסער מלחמה איז אָבער בײַ זיי ניט געקומען. די אומרוהיגע צײַט האָט ניט לאַנג געדויערט. אין גיכען איז אַבנר געוואָרען אונצופריעדען מיט אישבשת'ן און האָט אויך אָנגעהויבען טראַכטען וועגען

איבערגעבען די מלוכה „איבער גאַנץ ישראל און יהודה פון דער שטאָדט דן ביז באר שבע" דעם פעהיגען און ביי אַלעמען בעליעבטען, דוד'ן. נאָר ווען אַבנר איז געקומען צו דוד'ן קיין חברון, האָט איהם יואָב דאָרט געטויט דערפאַר, וואָס ער האָט אַמאָל גע'הרג'עט זיינעם אַ ברודער. די פעראייניגונג פונ'ם גאַנצען יודישען פאָלק אונטער דער הערשאַפט פון דוד'ן האָט זיך אָבער נאָך אַבנר'ס טויט ניט אָבגעשטעלט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבען צוויי קנעכט גע'הרג'עט אישבשת'ן אויף זיין געלעגער און האָבען זיין קאָפּ געבראַכט צו דוד'ן. דאָס האָט דעם מלך זעהר פערדראָסען, ווייל ער האָט געשוואָרען שאול'ן ניט אומצובריינגען זיינע קינדער נאָך זיין טויט, און ער האָט געהייסען שטרענג בעשטראָפען די צוויי מערדער. דאַמאָלסט זיינען די עלטסטע פון אַלע שבטים געקומען צו דוד'ן קיין חברון און איהם געזאַלבט פאַר אַ מלך איבער'ן גאַנצען פאָלק.

דוד'ס ערשטע אַרבייט נאָך דעם איז געווען איינצונעמען דעם שטאַרקען כנענ'ישען שבט יבוסים, וועלכען די יודען האָבען פריהער ניט געקענט בייקומען. ער האָט איינגענומען זייער שטאַרקע פעסטונג ציון און די שטאָדט ירושלים, וועלכע ער האָט געמאַכט פאַר זיין הויפּט-שטאָדט. דער קעניג פון צור האָט אַהין צו איהם געשיקט שלוחים מיט צעדער-האָלץ און מייסטערס אויסצובויען דאָרט פאַר איהם אַ גרויסען פּאַלאַץ. אַהין האָט דוד מיט'ן גאַנצען פאָלק אויך אַריבערגעפיהרט מיט גרויס פרייד דעם אָרון, וואָס איז ביז יענער צייט געשטאַנען אין קרית יערים, און ירושלים איז געוואָרען די שעהנסטע און הייליגסטע פון אַלע יודישע שטעדט, צו וועלכער עס האָבען זיך פון דאַמאָלסט אָן געצויגען די הערצער פון אַלע יודען. דוד האָט זיך אויך אָבגעקליבען אַ שטענדיגען גרויסען חיל און אין גיכען איז ער אַרויסגעטראָטען קעגען דעם שטאַרקסטען יודישען פיינד, די פלשתים, וואָס האָבען זיך ווידער אַריינגעריסען אין לאַנד. ער האָט אָבגעהאַלטען איבער זיי עטליכע גרויסע נצחונות און האָט זיי גאָר איינגאַנצען צעשלאָגען און אויף אייביג בעפרייט די יודען פון זייער דרוק. נאָך דעם האָט דער מוטיגער מלך אָנגעהויבען נאָך פיעל אַנדערע מלחמות מיט די אַרומיגע פעלקער און האָט זיי אַלע מנצח געווען. דורך דעם איז דאָס יודישע לאַנד אין זיין צייט געוואָרען שטאַרק, ברייט און זעהר רייך. דוד איז אָבער געווען נישט נאָר אַ מלחמה-העלד, זיין גאַנץ לעבען איז ער געבליבען אויך אַ זעלטענער משורר. אַפילו אין דער אומרוהיגער צייט פון שטענדיגע מלחמות האָט ער ניט אויפגעהערט צו זינגען זיינע געטליכע שירים, וואָס זיינען אין דער יוגענד זיין איינציגע טרייסט געווען.

די אגדה דערצעהלט ־ועגען דעם, אַז איבער דוד׳ס בעט אַנטקעגען די פענסטער, איז שטענדיג געהאַנגען אַ האַרפע און האַלבע־נאַכט פלעגט אַ צפון־ווינט׳ל אָנקומען, אַ בלאָז טון אויף איהר און זי פלעג אָנהויבען שפּיעלען. דאַן:

„שטעהט אויף פון געלעגער דער קעניג,
זיין הייליגע האַרפע ערוואַכט—

מען זעהט ניט קיין פינגער, וואָס שפּיעלען—
עס גיסט זיך מעלאָדיש אַ קלאַנג
און וועקט אין דער ברוסט פונ׳ם מלך
די סטרונעס פון זיסען געזאַנג.

דורכ׳ן פענסטער פון פּאַלאַץ בעקוקט ער
די שטילע בעשטערנטע וועלט,
פערגעסט אָן זיין טראָן און זיין צעפּטער
מיט נייע געפיהלען בעזעלט—

עס מאָלט זיך איהם אוים פאַר די אויגען
אַ גרינעס און רוהיגעס פעלד,
און ער איז אַ פּאַסטוך פון שעפּסען,
זיין איינציגער פּאַלאַץ — אַ צעלט.

דאַן זינגט ער צו׳ם טאַקט פון דער האַרפע
און דיכטעט אַ מזמור־געבעט.
דער גרייז־גראָהער קעניג פון יהודה
איז ווידער אַ יונגער פּאָעט.

(יהואש)

## ד. דוד׳ס צרות.

אַז דוד׳ס מלוכה איז גענוג בעפעסטיגט געוואָרען און זיין חיל האָט שוין דערפיהלט אין זיך גענוג שטאַרקייט בייצוקומען דעם גרעסטען פיינד, האָבען די גבורים געזאָגט צו דוד׳ן: „דו זאָלסט שוין מעהר ניט מיטגעהן מיט אונז אין מלחמה, עס זאָל ניט פערלאָשען ווערען דאָס ליכט פון ישראל״. אָבער גאָר רוהיג איז דעם מלך ניט בעשערט געוועזען צו זיצען. באַלד האָבען זיך אָנגעהויבען אין זיין לעבען נייע אומרוהען.

איינמאָל, ווען זיין גאַנצעס חיל איז געווען אויף אַ מלחמה, האָט דער מלך דערזעהן פון זיין פּאַלאַץ די וועלטען-שעהנע בת-שבע, אַ פרוי פון זיינעם אַ גבור, אוריה החתי. זי איז איהם זעהר געפעלען געוואָרען און כדי צו נעמען זי פאַר אַ פרוי, האָט ער זיך בעשלאָסען אויף אַ זינדיגען שריט: ער האָט געשיקט צו זיין קריעגס-פיהרער יואָב, ער זאָל שטעלען אוריה'ן אויף דעם געפעהרליכסטען אָרט אין דער מלחמה און לאָזען איהם אָהן הילף, כדי ער זאָל גע'הרג'עט ווערען. יואָב האָט ערפילט דעם מלכ'ס פערלאַנג און, אַז עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגען אוריה'ס טויט, האָט דוד איבערגעוואַרט ביז בת-שבע האָט געענדיגט בעקלאָגען איהר מאַן און האָט זי גענומען פאַר אַ פרוי.

דאָס פאָלק איז זעהר אונצופרידען געוואָרען מיט דוד'ן פאַר זיין פערברעך, און נתן הנביא (איינער פון די נביאים, וואָס האָבען זיך שטענדיג געפינען אין דעם מלכ'ס הויף) איז געקומען צו איהם און האָט איהם דערצעהלט אַזאַ משל: „צוויי מענשען זיינען געזעסען אין איין שטאָדט, איינער אַ רייכער און דער אַנדערער אַן אָרימער. ביי'ם רייכען איז געווען פיעל שאָף און רינדער, אָבער ביי'ם אָרימען איז נאָר איין קליין שעפעלע געווען. דאָס שעפעלע איז ביי איהם געוואַקסען צוזאַמען מיט זיינע קינדער; פון זיין ברויט האָט עס געגעסען, פון זיין כוס האָט עס געטרינקען און איז ביי איהם געווען ווי אַ טאָכטער. איז געקומען אַ גאַסט צו'ם רייכען, האָט ער ניט געוואָלט נעמען פון זיינע אייגענע שאָף און רינדער און צוגרייטען אַ מאכל פאַר'ן גאַסט, נאָר ער האָט צוגענומען דעם אָרימאַנס איינציג שעפעלע און האָט עס צוגעגרייט פאַר'ן מענשען, וואָס איז געקומען צו איהם". דער מלך איז זעהר אין-כעס געוואָרען און האָט געזאָגט: „דער מענש, וואָס האָט עס געטון, פערדינט דעם טויט!" דאַמאָלסט האָט דער נביא אויסגעשריגען: „דו אַליין, ביזט דער מענש!" אַזוי זאָגט גאָט: „איך האָב דיך געזאַלבט פאַר אַ קעניג, האָב דיך מציל געווען פון שאול'ן און האָב דיר אָבגעגעבען זיין מלוכה, פרויען און גאַנץ ישראל און יהודה, און דו — האָסט גע'הרג'עט אוריה'ן און זיין פרוי זיך צוגענומען. דעריבער וועל איך ברענגען אויף דיר אַ צרה פון דיין הויז". דוד האָט באַלד מודה געווען אויף זיין גרויסער זינד און אין אַ זעלטענעם שיר האָט ער אויסגעגאָסען פאַר גאָט זיין פערביטערט האַרץ.

דאָס פאָלק אָבער האָט עס איהם נאָך אַ לאַנגע צייט ניט געקענט מוחל-זיין. און ווען נתן הנביא'ס נבואה, אַז אַ צרה וועט אָנקומען אויף דוד'ן פון זיין אייגען הויז, איז אין גיכען מקוים געוואָרען, ווען איינער פון זיינע זיהן, אבשלום, האָט געוואָלט צונעמען זיין מלוכה, איז אַ גרויסער טייל פון פאָלק צו איהם צוגעשטאַנען און האָבען איהם אין חברון אויפ-

געָנומעָן פאַר אַ מלך. אַז די ידיעה וועגן אַבשלום׳ס מרידה איז אָנגעָקומען צו דוד׳ן איז ער זעהר דערשראָקען געוואָרען און האָט געזאָגט צו די, וואָס זיינען איהם נאָך געטריי געבליבען: „לאָ׳מיר גיכער אַנטלויפען פון דאַנען, ווייל קיין רעטונג וועט אונז פון אַבשלום׳ן ניט זיין, און אַז ער וועט אונז דאָ חאַפּען, וועט ער די גאַנצע שטאָדט אומברייִנגען”. די אַלע, וואָס האָבען געזעהן, ווי דער מלך מיט זיינע קנעכט אַנטלויפען פון ירושלים, האָבען ביטער געוויינט, און די כהנים האָבען גענומען דעם אָרון און האָבען אויך געוואָלט מיטגעהן. נאָר דוד האָט זיי געהייסען בלייבען אין שטאָדט און האָט געזאָגט: „אויב איך וועל ווערט זיין ביי גאָט, וועט ער מיך נאָך אומקעהרען צוריק און וועט מיר ווידער וויזען זיין וואוינונג, נאָר אויב ער וועט זאָגען: „איך וויל דיך מעהר ניט”, דאַן לאָז ער מיט מיר טון, ווי זיין ווילען איז”. זיין פריינד און עצות-געבער, דעם אַלטען חושי הארכי, האָט ער אויך געהייסען צוריק זיך אומקעהרען אין שטאָדט אַריין, כדי ער זאָל איהם פון דאָרט קענען שיקען ידיעות וועגען אַלעס, וואָס אַבשלום וועט טון. אַז אַבשלום מיט זיינע מענשען האָט זיך אומגעקעהרט קיין ירושלים, איז חושי הארכי צו איהם געקומען און געזאָגט, אַז ער וויל איהם אויך טריי דיענען אַזוי, ווי ער האָט געדיענט זיין פאָטער. אַבשלום האָט איהם דערצעהלט, אַז ער וויל באַלד אַרויסשיקען אַ חיל פון צוועלף טויזענד מאַן נאָכיאָגען דוד׳ן, און האָט אויך ביי איהם אַנ׳עצה געפרעגט. חושי האָט פערשטאַנען, אַז אויב ער וועט אַזוי טון, וועט ער גרינג ביי־קומען דעם מלך, האָט ער איהם געענטפערט: דו ווייסט דאָך, אַז דיין פאָטער און זיינע מענשען זיינען גבורים און בייז, ווי אַ צערייצטער בער, און אויב איצט וועלען דיינע מענשען פאַלען פריהער פון זיי, וועט דאָס גאַנצע פאָלק אַבהענדיג ווערען. דעריבער איז מיין עצה: „זאָל זיך צו דיר צונויפקלייבען גאַנץ ישראל, פון דן ביז באר שבע, און דאַמאָלסט וועסטו אַליין אויך מיטגעהן אין מלחמה, און מיר וועלען בעפאַלען און ניט איבערלאָזען פון איהם מיט זיינע מענשען קיין איינציגען”. אַבשלום׳ן איז עס געפעלען געוואָרען, איז ער געבליבען זיצען אין ירושלים און חושי האָט געשיקט שלוחים צו דוד׳ן, ער זאָל וואָס גיכער אַריבער דעם ירדן.

אַרום אַבשלום׳ן האָט זיך גיך צונויפגעקליבען אַ גרויסע מחנה, און ער איז אויך באַלד אַריבער דעם טייך נאָכ׳ן מלך. דאַמאָלסט האָט דוד צעטיילט זיינע גבורים אויף דריי טייל און האָט זיי אַרויסגעשיקט קעגען אַבשלום׳ן צו׳ם וואַלד אפרים. נאָר פאַר דער מלחמה האָט ער אָנגעזאָגט יואָב׳ן און די איבעריגע הארען, זיי זאָלען זיין אָבגעהיט מיט אַבשלום׳ן, ניט צו טויטען איהם. יואָב אָבער האָט דעם מלכ׳ס בעפעהל ניט ערפילט.

ער האָט מיט זיינע העלדען צעשלאָגען און צעיאָגט אַבשלומ'ס חיל. אַבשלום איז אויך אַנטלאָפען נאָר, לויפענדיג דורכ'ן וואַלד, האָט ער זיך מיט זיינע לאַנגע האָר פערטשעפּעט פאַר אַ צווייג פון אַ בוים. דער אייזעל, אויף וועלכען ער האָט געריטען, איז פון אונטער איהם אַוועקגעלאָפען ווייטער, און ער איז געבליבען הייגנען. אַז יואָב האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט, איז ער געקומען צו דעם אָרט, און האָט איהם דערשטאָכען. דער מלך איז פערציטערט געוואָרען, ווען ער האָט דערהערט וועגען אַבשלומ'ס טויט. ער האָט געוויינט און געשריגען: „אַבשלום מיין זוהן, איך וואָלט בעסער געשטאָרבען אָנשטאָט דיר!"... די גבורים האָבען דערהערט, אַז דער מלך טרויערט, זיינען זיי איינציגווייז, שטיל אַריינגעקומען אין שטאָדט, ווי צעלאָפּענע פון מלחמה, און דער נצחון איז אויך פאַר זיי אַ טרויער געוואָרען.

דאָס גאַנצע פאָלק האָט באַלד אָנגעהויבען רעדען צווישען זיך אַזוי: „דער מלך האָט אונז מציל געווען פון אונזערע פיינד, ער האָט אונז בעפרייט פון די פּלשתּים און איצט איז ער אַנטלאָפען פון לאַנד איבער אַבשלומ'ן, וואָס=זשע זאַמט איהר אומצוקערען איהם?" דער שבט יהודה איז פריהער פאַר אַלע געקומען, אַריבערגעפיהרט דעם מלך איבער'ן ירדן, און איהם בעזעצט אין גלגל. דאָ האָט איהם שוין בעגעגענט דאָס גאַנצע פאָלק. אָבער אַלע שבטים זיינען געווען אונצופרידען מיט'ן שבט יהודה דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט געוואַרט ביז אַלע וועלען זיך צונויפקלייבען און האָבען אַליין אַריבערגעפיהרט דעם מלך איבער'ן טייך. און איידער דוד האָט זיך נאָך אומגעקעהרט קיין ירושלים, האָט איינער, שבע בן בכרי פון שבט בנימין, געפּרובט אויפהויבען אַ נייע מרידה. נאָר די, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו שבע'ן, האָבען גיך חרטה געהאַט און איהם אַליין געטויט.

ווען אַלע אומרוהען זיינען איינגעשטילט געוואָרען און דער מלך איז שוין בערוהט געזעסען אין זיין פּאַלאַץ, האָט ער געוואָלט אויסבויען אַ בית המקדש. ער האָט געזאָגט צו נתן הנביא: „זעה, איך זיץ אין אַ פּאַלאַץ פון צעדער=האָלץ און גאָט'ס אָרון שטעהט אין אַ געוועהנליכען געצעלט". דער נביא אָבער האָט איהם אין גאָט'ס נאָמען געזאָגט, אַז ער קען ניט בויען גאָט'ס הויז דערפאַר, וואָס ער האָט זעהר פיעל מלחמות געפיהרט און דורך איהם איז פיעל בלוט פערגאָסען געוואָרען, זיין זוהן אָבער, שלמה, וואָס וועט קעניגען נאָך איהם און וואָס אין זיין צייט וועט זיין נאָר פריעד און רוהען, וועט אויך דעם בית=המקדש אויסבויען. די אגדה דערצעהלט וועגען דעם, אַז גאָט האָט ניט געלאָזען דוד'ן אויסבויען דעם בית המקדש דערפאַר, וואָס ער האָט געזעהן, אַז עס וועט

קומען אַ צײַט, ווען די יודען װעלען זיך פֿערזינדיגען קעגען איהם און ער וועט זײ װעלען בעשטראָפֿען און חרוב־מאַכען דעם בית המקדש, ווען דוד אָבער זאָל איהם בויען, וואָלט ער קײנמאָל ניט געקענט חרוב־ווערען.

## ה. דוד׳ס לעצטע טעג.

אַ מידער און אָבגעשוואַכטער פֿון די צרות, וואָס ער האָט איבער־געליטען אין זײַן אומרוהיגען לעבען, איז דוד אויף דער עלטער אין זײַן פּאַלאַץ געזעסען און האָט שוין די מלוכה ניט געקענט פֿיהרען. פֿאַר אַ מלך נאָך זיך האָט ער געהײסען, נאָך בײַ׳ם לעבען, זאַלבען זײַן געליעבּ־טער פֿרוי, בת שבע׳ס זוהן—שלמה, ווײַל ער האָט דערהערט, אַז זײַן זוהן אדוניה האָט צוגעצויגען צו זיך יואָב׳ן און נאָך פֿיעל אַנדערע האַרען, כּדי איבערצונעמען די מלוכה. ער האָט אָבער אַמאָל געשוואָרען בת שבע׳ן, אַז איהר זוהן וועט קעניגען נאָך איהם. פֿאַר זײַן טויט האָט ער אָנגעזאָגט דעם יונגען, מלך, שלמה, ער זאָל געהן אין גוטען וועג, אָבהיטען אַלץ, וואָס איז אָנגעשריבען אין דער תורה און זאָל אויסבויען דעם בית המקדש, וואָס איהם אַלײן איז ניט בעשערט געווען צו בויען. נאָך דעם איז ער גע־שטאָרבען זיעבּעציג יאָהר אַלט.

ווענען זײַן טויט דערצעהלט די אגדה, אַז גאָט האָט אַמאָל ענט־פּלעקט דוד׳ן, אַז ער וועט שטאַרבען אין אַ שבּת׳דיגען טאָג. פֿון דאַמאָלסט אָן פֿלעג דוד אַלע שבת זיצען אַ גאַנצען טאָג און עוסק־זײַן אין תורה. דעם שבת, וואָס ער האָט געדאַרפֿט שטאַרבען, איז דער מלאך־המות גע־קומען און האָט געטראָפֿען דוד׳ן לערנען די תורה, האָט ער צו איהם ניט געקענט צוטרעטען. ער איז געבליבען שטעהן און האָט געטראַכט: „איך וועל וואַרטען ביז ער וועט ענדיגען זײַן לערנען, וועל איך קענען צונעמען זײַן נשמה". אַז ער האָט אָבער דערזעהן, אַז דוד רײַסט ניט איבער זײַן לערנען אויף קײן אײנציגער רגע, איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין דעם מלכ׳ס גאָרטען און האָט דאָרט געמאַכט אַ טומעל. דוד איז אַרויס־געגאַנגען זעהן, וואָס איז דאָרט. נאָר, ווי ער האָט זיך געשטעלט אויפ׳ן ערשטען טרעפּ׳ל, האָט זיך עס צעבּראָכען אונטער איהם. אין יענער מינוט איז דוד אַנטשוויגען געוואָרען אויף אײן ווײַלע און איז באַלד געשטאָרבען.

דער זכר אָבער פֿון דעם הײליגען מלך און געטליכען משורר לעבט און וועט נאָך אײביג לעבען אין זײַן פֿאָלק, וואָס ער האָט אַזוי הײס גע־ליעבט. „דוד מלך ישראל חי וקים" הער׳ן אָפֿט איבער די יודען אין זײערע תפלות און גלויבען, אַז פֿון „בית דוד" (דוד׳ס הויז) וועט נאָך ערשט קומען אויך די לעצטע גרויסע ישועה, ווען ניט נאָר דאָס יודישע פֿאָלק, נאָר אויך די גאַנצע וועלט, וועט אויף אײביג בעפֿרײַט ווערען פֿון שלעכטס און אומרעכט.

# אינהאלט:

# וויכטיגסטע דרוק-פעהלערען.

| זייט | שורה | געדרוקט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 12 | 10 פון אויבען | ליגזוען געקעכסטם | ליגזוען-געקעכטם |
| 13 | 7 פון אונטען | זעיבען | זיעבען |
| 17 | 12 〃 | ניט געקענט פער'מיאוס'ן | ניט געקענט ניט פער'מיאוס'ן |
| 29 | 3 פון אויבען | געאכט | געזוכט |
| 32 | 6 〃 | עד | ער |
| 22 | 2 〃 | איבערגעגאנגען | אריבערגעגאנגען |
| 54 | 12 〃 | יוחנן | יהונתן |

דאס ווארט „קיינינ" מוז אויסגעבעסערט ווערען אומעטום אויף „קעניג".
〃 〃 יונתן 〃 〃 〃 〃 〃 יהונתן.

